געאָרג בראַנדעס

# העגריק איבסען

איבערזעצט פון

ק. טעפער

מאַקס נ. מייזעל
אידישער פארלאג פאר ליטעראטור און וויסענשאפט
424 גרענד סטריט, ניו יאָרק
1918

## פאררעדע.

אין'ם יאהר 1866 זומער צייט האב איך אנגעשריבען עטליכע זייטלעך וועגען הענריק איבסען'ען, א שרייבער, מיט וועלכען איך האב זיך אינטערעסירט שוין עטליכע יאהר; פלוצלונג האב איך נעדארפט זיין אין פאריז און בין דעריבער געצוואונגען געוועז אב־צולעגען מיין ארבייט וועגען איבסען'ען. קומענדיג צוריק פון פא־ריז אין'ם יאהר 1867, האב איך פערענדיגט מיין ארטיקעל, — דעם ערשטען ארטיקעל, וועלכער איז ערשינען אין אייראפא וועגען איב־סען'ען. קיינער האט דאמאלס נאך ניט געהערט וועגען דעם גרויסען שרייבער; איך בין געוועזען דער ערשטער, וועלכער האט גע־פרואווט פערשטעהן די דאזיגע אייגענארטיגע אינדיווידואליטעט.

אין פופצעהן־זעכצעהן יאהר ארום — אין'ם יאהר 1882 — האב איך זיך ווידער גענומען שרייבען וועגען דעם נארוועגישען שרייבער, זיין פערזענליכקייט און ווערק. אין דעם משך פון דער צייט האט איבסען אנגעשריבען נייע זאכען, וועלכע זיינען געוועזען פיעל בעדייטענדער פון די פריהערדיגע; ער איז געווארען אן אנ־דערער מענש; זיין איינפלוס האט זיך פערשטארקט, ער איז גע־ווארען אונגעוועהנליך פאפולער אין די סקאנדינאווישע לענדער און איז געווארען אלץ מעהר און מעהר בעריהמט אויך אויסער סקאנ־דינאוויען, בעזונדערס אין דייטשלאנד. אויך אינערליך איז ער שוין ניט געוועזען מעהר דער מענש, וועלכען איך האב געקענט מיט פופ־צעהן יאהר צוריק, שרייבענדיג דאס ערשטע מאל וועגען איהם.

אויך איבסען'ס קריטיקער האט זיך אין דער צייט שטארק גע־ביטען; ער איז שוין אויך מעהר ניט געוועזען דאס, וואס אין די

אמאָליגע יאָהרען. פיעלעס, פיעלעס האָט ער איבערגעלעבט אין דער דאָזיגער צייט, פיעלעס איבערגעפיהלט, און האָט זיך געמוזט ביס־לעכווייז אָבזאָגען פון פיעלע מיינונגען און איבערצייגונגען, וועלכע ער האָט איבערגענומען פון זיינע עלטערן און ערציהער. איצט האָט דער קריטיקער געקענט בעסער פערשטעהן דעם דיכטער.

און ווידער זיינען פערגאַנגען זעכצעהן יאָהר. איבסען האָט די גאַנצע צייט ענערגיש געאַרבייט; ער איז פון אַ לאָקאַלען שריי־בער געוואָרען אַ וועלט בעריהמטהייט. קיינער פון די דראַמאַטור־גען־צייטגענאָסען האָט ניט אַזאַ נאָמען, ווי איבסען. אמת איז, אַז אנדערע לייקענען זיין בעדייטונג; ניט אַלע זיינען בעגייסטערט פון זיינע פּאָעטישע ווערק. אָבער אמת איז אויך, אַז איבסען האָט קאָנצענטרירט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון זיינע צייטגע־נאָסען — וואָס נאָך קען פאָדערן אַ שרייבער?

דעם צוואַנציגסטען מערץ 1898 ווערט הענריק איבסען זיבע־ציג יאָהר אַלט. דאָס איז אַן אמת געשעהעניש! לכבוד דעם דיכטער האָב איך איבערגעדרוקט דאָס, וואָס איך האָבביידע מאָל געשריבען וועגען איבסען'ען און זיך ווידער אַ מאָל גענומען צו דער כאַראַקטעריסטיק פון זיין אַרבייט ביז'ן היינטיגען טאָג. די וואונ־דערליכע לאָגיק פון די אומשטאַנדען האָט געוואָלט, אַז איך זאָל שרייבען וועגען איבסען'ען כמעט יעדע פופצעהן יאָהר. ווען איך בין אַרויסגעטראָטען מיט מיין ערשטען אַרטיקעל וועגען איבסען'ען, איז ער אַלט געווען 38־39 יאָהר; פערעפענטליכט מיין צווייטען אַרטיקעל וועגען איהם האָב איך, ווען ער איז געווען אַ פיער־און־פופציג־יעהריגער מאַן און איצט קאָנסטאַטיר איך מיט פרייד, אַז דער געבורטסטאָג פון דעם זיבעציג־יעהריגען שרייבער האָט גע־פונען אַ הארציגען אָבקלאַנג אין אַלע קולטורלענדער פון דער וועלט.

די אויסלענדישע קריטיקער האָבען, שרייבענדיג וועגען איב־סען'ען, געהאַט פאַר זיך די רעזולטאַטען פון איבסען'ס לעבענס־אַרבייט. זיי האָבען ניט געלעזען יעדע איינציגע זאַך זיינע, ווען זי איז ערשינען, נור אַלע מיט אַ מאָל, ווען זיי זיינען אריין אין די געזאַמעלטע ווערק. זיי האָבען מיט אמאָל דערזעהן דעם דיכטער'ס

צורה, און ניט ביסלעכווייז, שטריך נאָך שטריך, מיט א מאָל האָט זיך פאר זייערע אויגען ענטפּלעקט דאָס גאנצע פּאָעטישע געביידע און דעריבער האָבען זיי געקענט האָבען א מעהר אָדער וועניגער ריכטיגע פאָרשטעלונג וועגען דעם דיכטער — דעם בויער. אפשר איז אינטערעסאנט צוצוקוקען זיך, ווי אזוי דאָס דאָזיגע געביידע האָט זיך אבגעשפּיגעלט אין׳ם בעוואוסטזיין פון א צייטגענאָסען, וועלכער האָט געזעהן, ווי ציגעל אויף ציגעל איז געלעגט געוואָרען און האָט דעריבער געהאט א מעגליכקייט, קענענדיג פערזענליך דעם דיכטער, וואָס האָט געבויט דאָס ווערק, זאָגען עפּעס, וואָס זאָל ער־קלערען דעם זין פון׳ם ווערק.

ג. בראַנדעס.

## ערשטער איינדרוק

(1867)

אַ נאָמען האָט זיך הענריק איבסען געמאַכט אין דענעמאַרק בעיקר מיט זיינע דראַמען: „די קאָמעדיע פון ליעבע" און „בראַנד". אין תוך זיינען די דראַמען גאָר ווייניג עהנליך איינע צו דער אַנדערער, „בראַנד" איז טיפער און רייפער פון דער „קאָמעדיע פון ליעבע", אָבער דענעמאַרק האָט פון דיביידע דראַמען געהאַט דעם איינדרוק, אַז איבסען איז פריהער פון אַלעמען און מעהר פון אַלעמען אַ קאַמפּפס־נאַטור. אין דער „קאָמעדיע פון ליעבע" ערקלערט ער מלחמה דער געזעלשאַפט, אייגענטליך דער נאָרוועגישער געזעלשאַפט, אין'ם נאָמען פון שעהנקייט און דיכטונג; אין „בראַנד" — פון'ם שטאַנדפּונקט פון מאָראַל און אמת'ער רעליגיאָזיטעט. די מלחמה ענדיגט זיך טראַגיש. ניט די מעכטיגע ליידענשאַפט, ניט דער אַלהערשענדער ווילען קענען שלום מאַכען מיט דער געזעלשאַפט. זיי ווילען האָבען אַ פרישע אַטמאָספער, מעהר רוים, אָבער דאָס לעבען איז ענג און בעגרענעצט, די געזעלשאַפט פוילט אין איהר פערשלאָפענקייט. די העלדען פון די דראַמען פּרואווען רעוואָלוציאָנירען די פוילע אָרדנונג, אָבער פון דער רעוואָלוציאָן ווערט ניט קיין נייעס לעבען. די „קאָמעדיע פון ליעבע" איז אייגענטליך איהר טראַגעדיע און דער ווילענסמענש „בראַנד" ווערט אַ מאַרטירער.

עס איז קלאָר, אַז אונזער דיכטער קוקט פעסימיסטיש אויפ'ן היינטיגען לעבען. ער איז ניט אַ פילאָסאָפישער פעסימיסט, ד. ה. אַזאַ איינער, וואָס קלאָגט זיך אויף די צרות און אומגליקען, וואָס

לויערען אויף יעדען מענשליכען לעבען און איז איבערצייגט, אַז יעדעס זיין איז פערבונדען מיט ליידען; איבסען׳ס פעסימיזם איז א מאַראַלישער. אין איהם הערט זיך פעראַכטונג און מאַראַלישע עמפערונג. ער קלאָגט זיך ניט, ער בעשולדיגט. ער איז ניט צו־קראָכען, ער איז שטרענג. איבסען איז א קעמפפער און דעריי־בער איינזייטיג: אין דער געזעלשאפט פון זיין צייט ווארפט זיך איהם אין די אויגען גראָד דאָס שלעכטע, דאָס פערברעכערישע. זיין פעסימיסטישקייט פערביטערט איהם: זיין אויג איז געווענדט מיט טרויער צום אידעאַלען, ווייל ער זעהט, ווי פאטאַל דער אונ־טערגאַנג פון אַלעם אידעאַלען איז און ווי אונפרוכטבאר — אַלע העכערע שטרעבונגען. די העלדען פון איבסען׳ס „בראַנד" און „די קאָמעדיע פון דער ליעבע" זיינען רעוואָלוציאָנער, אָבער פארוואָס האָבען זיי קיין ערפאָלג ניט? איינע זאָגען, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס די געזעלשאפט איז צו טיף געפאַלען, אַז מען זאָל זי נאָך קענען אויפהויבען פון זומפ; אַן אַנדערע ענטפער איז, אַז יעדעס אמת׳ע לעבען בליהט אַרויס פון אומגערעכטיגקייט און פערברעכען; נאָך זאָגען אַנדערע, אַז שענהייט און אמת זיינען בעשטימט צו בעלייב־טען אַלעס מיט א פלוצלינגיגען ליכט, און פערשווינדען, ווי הימ־לישע מעטעאָרען, וואָס ווערען אויסגעלאָשען, ווי נור זיי דערנעהענ־טערען זיך צו דער ערד, און נאָך אַן ערקלערונג איז דאָ, אַז איבסען האָט א נייגונג צו זעהן דאָס לעבען אין דונקעלע, שווערע פארבען. די לעצטע ערקלערונג מוז זיין די ריכטיגע: איבסען מאָלט דאָס לעבען אַזוי און ניט אַנדערש טאַקי דערפאַר, וואָס אין די טיפעני־שען פון זיין נשמה איז בעהאַלטען עפּעס, וואָס צווינגט איהם פאָר־צושטעלען זיך דאָס לעבען אַלס עפּעס גרויזאַמעס און בעזעס; אין זיינע אויגען מוז זיין עפּעס, וואָס צווינגט איהם צו זעהן די וועלט געמאָלט אין שוואַרצען; אין דער טיפעניש פון זיין וועזען איז עפּעס נערוועזעס, מעלאַנכאָלישעס, קאמפּפּעהיגעס, קריגערישעס, וואָס שפּיגעלט זיך אָב אין זיינע ווערק און גיט צו א דונקלען קאָ־לאָריט אפילו זיין ליעבע צו ליכט.

עס איז ניט שווער צו זעהן, צי איז די דאָזיגע היפּאָטעזע טאַקי

א ריכטיגע. דער, וואָס וויל דערגעהן עפּעס א געהיימניס, דאַרף בעאָבאַכטען דעם מענשען, מיט וועלכען ער האָט זיך פּעראינטערע־סירט, שטילערהייט, אונבעמערקט, ווען ער גיט אָרויס אונבאַ־וואוסטזיניג זיך און דאָס, וואָס איז בעהאַלטען אין איהם. ווילט איהר אויספאָרשען א פערברעכער, איז דאָס בעסטע אויפוועקען איהם פון שלאָף און אויספרעגען. אזוי איז אויך מיט דער פאָע־טישער אינדיווידואליטעט: ווען זי כאַפּט זיך אויף, נעמט זי זיך ניט־ווילענדיג צו אזא סוזשעט, פאָרם און פּערזענליכקייט, וואָס גיט איהר א מעגליכקייט לייכטער פון אלץ זיך אויסדריקען און אויסזאָ־גען. דאָס ערשטע ווערק, וואס איבסען האָט אָנגעשריבען, נאָך זיצענדיג אויף דער שולבאַנק און שטודירענדיג דעם קלאַסיקער סאַלוסטי, איז געווען א דראַמא פון רוימישען לעבען, אין דער דאָ־זיגער דראַמא האָט איבסען, ווי שילער אין זיינע רויבער, געגעבען אויסדרוק דער גאַנצער ליידענשאַפטליכקייט, וואָס זיצט אין א יונ־גען, אונערפאַהרענעם צוואַנציג־יעהריגען הארץ, א הארץ פול מיט טרויער, שמערץ, יאוש, עראָטיק, עהרגייץ און אמביציאָן. ווער, מיינט איהר, איז דער העלד פון דעם דאָזיגען קינדישען און אונ־רייפען ווערק? קאַטילינא, דער enfant perdu פון דער רוי־מישער געזעלשאַפט, וועלכען איבסען מאָלט ווי א העלד, ווי א קאָ־לאָסאַלען און מעכטיגען גייסט, וואָס האָט, אמת, ניט אויסגעהאַלטען דעם נסיון, אָבער איז בעשטימט צו עפּעס גרויסען, און רייסט זיך אַלץ אין דער הויך פון דער נידער פון דער איהם ארומרינגלענדיגער פערדאָרבענער און באַנאַלער סביבה און פון דער שטיקענדיגער אַטמאָספער פון דער פאַטאַלער דעקאַדאַנס־צייט. דאָס איז א דעספּעראַדאָ, ווי פאַלק און בראַנד, וואָס הויבט אויף, א פלאַמיג בעגייסטערטער פון דער גרויסקייט פון די אַמאָליגע צייטען, די פאָהן פון אויפשטאַנד און געהט אונטער אַן אָפּפער פון פעראַט און אייגענעם פערברעכען, וועלכען ער קויפט אויס מיט׳ן טויט. שוין אין דעם דאָזיגען ערשטען ווערק פון׳ם יונגען דיכטער פיהלט זיך יענער פעסימיזם, קריגערישער גייסט, פייעריגער פאַטאָס, דאָס קלאַ־

פען מיט'ן קאָפּ אָן דער וואַנד, וואָס פערוואונדערט אונז צום שטוי־נען אין דער ווייטערדיגער ארבייט פון'ם דיכטער.

די פאָרשטעלונג, וואָס דענעמארק האָט ביסלעכווייז בעקומען וועגען איבסען'ען, איז זיכער איינזייטיג, אָבער אויך ריכטיג אין דערזעלבער צייט; זי גיט איבער דאָס וויכטיגסטע אין איבסען'ען. בעקענען מיר זיך נאָהענטער מיט איבסען'ס לעבען, זעהען מיר, אז דאָס, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, האָט געדראַפּט צוגעבען זיין פּאָעטישער ארבייט דעם כאראקטער, וועלכען זי האָט.

הענריק איבסען איז געבאָרען געוואָרען דעם צוואַנציגסטען מערץ 1828 אין סקיען, נאָרוועגיען. זייענדיג זעכצעהן יאָהר אַלט, איז ער אריינגעטראָטען אין אַן אַפּטייק און גענומען זיך גרייטען צום אוניווערסיטעט, לעבען איז איהם אויסגעקומען אין זעהר אונ־גינסטיגע בעדינגונגען. ווען ער האָט אויסגעהאַלטען דעם עקזאַמען, איז ער שוין אַלט געווען צוויי־און־צוואַנציג יאָהר, אָבער דאַמאַלס האָט ער שוין ניט געהאַט „ניט קיין חשק, ניט קיין מעגליכקייט" צו נעמען זיך צו עפּעס אַ ספּעציאַליטעט. עקאָנאָמיש האָט זיך איהם געלעבט זעהר שלעכט: אַ לאַנגע צייט האָט ער זיך ניט גע־קענט פערגינען מיטאָגען יעדען טאָג. שווער געלעבט האָט זיך איב־סען'ען אין דער יוגענד, ער האָט ניט געזעהן קיין גוטס און פרעה־ליכס און דאָס גאַנצע לעבען זיינס איז אין די בעסטע יוגענדיאָהרען פערגאַנגען אין שטענדיגען, אונערמידליכען קאַמפּף. עס איז נאַ־טירליך דעריבער, אז ער איז שפּעטער אריבערגעשפּרונגען פון שווערען און אָנגעשטרענגטען צום ליידענשאַפטליכען, אונקאָנווענ־ציאָנעלען, ניט־איינגעצאַמטען.

אין'ם יאָהר 1850 איז ערשינען די דראַמאַ: „קאַטילינאַ". אין'ם יאָהר 1851 האָט איבסען אָנגעהויבען ארויסגעבען אַ וואָ־כענשריפט, אין וועלכער ער אַליין האָט געשריבען לירישע און סאַ־טירישע זאַכען. אין דעמזעלבען יאָהר איז ער געוואָרען אַן אינ־סטרוקטאָר אין אַ טעאַטער, וועלכער איז נור וואָס געעפענט געוואָ־רען אין בערגען, און אין 1852 האָט ער זיך געלאָזט קיין אויסלאַנד צו בעקענען זיך מיט'ן טעאַטער: געווען איז ער ניט לאַנג אין דע־

נעמארק און דייטשלאַנד. אין 1857 איז ער בעשטימט געוואָרען פאר'ן דירעקטאָר פון דעם נאָרוועגישען טעאטער אין כריסטיאַניע, און מיט א יאָהר שפּעטער האָט ער געהייראַט זיין איצטיגע פרוי, די שטיף־טאָכטער פון דער שרייבערין טאָרעזען. ווען זיין טעאטער האָט אין 1862 באַנקראָטירט, איז איבסען אוועקגעפאָהרען פון נאָרוועגיען און פערוויילט זייט דאמאלס מייסטענטיילס אין רוים. נאָך איידער ער איז אוועקגעפאָהרען האָט ער ארויסגעגעבען איי־ניגע דראמען און געשריבען פערשידענע לירישע זאכען. אין נאָר־וועגיען, זייענדיג א טעאטער־דירעקטאָר, האָט ער געהאט אויסצו־שטעהן פיעל פון דער פּרעסע, וועלכע האָט איהם שטענדיג אטאַ־קירט און בכלל קען מען זאָגען, אז ער האָט געלעבט אין שטענדיגער מלחמה מיט זיינע נאָרוועגער. אין נאָרוועגיען האָט איבסען שטענ־דיג געליטען נויט; מען דערצעהלט, אז אין רוים האָט איהם אויס־געפעהלט דאָס נויטיגסטע צום לעבען גראָד אין יענער צייט, ווען „בראנד“ איז ערשינען אין קאָפּענהאגען.

דאָס דאָזיגע בוך איז א גאנצע רעוואָלוציאָן אין'ם שיקזאל פון איהר אוטאָר. ווי אלעמען איז בעקאנט, ווערט אין דעם דאָ־זיגען ווערק אָדער פון איהר העלד, —ווייל די אידעע פון'ם ווערק איז ניט איננאנצען קלאָר, — געפּרעדיגט דער געדאנק, אז א מענש דארף אוועקווארפען אָן א זייט אלע קליינליכע, טאָג־טעגליכע זאָר־גען און אינטערעסען און ווידמען זיך נור זיין גרויסער ארבייט. דאָס נאָרוועגישע פאָלק האָט מיט א שארפזין, וועלכען ווענינע האָ־בען געאהנט אין איהם, בעוויזען דער וועלט, אז דאָס פאטערלאנד האַלט פאר א כבוד פאר זיך, וואָס עס האָט צווישען איהרע זיהן א מענשען, וועלכער פּרעדיגט היינטיגע צייטען אזעלכע וואהרהייטען: נאָרוועגיען האָט אויסגעדריקט איהר ווילען, אז אזא מענש זאָל בע־פרייט ווערען פון די טעגליכע דאגות און האָבען א מעגליכקייט צו ערפילען זיין מיסיאָן. דער נאָרוועגישער פּארלאמענט האָט בע־שטימט איבסען'ען א פּענסיע, און האָט אויף אזא אופן, צום גליק, גאראנטירט דעם דיכטער אויף'ן גאנצען לעבען א בעשיידענע הכנסה.

I

ווען מיר געהען צו צו א היינטיגען דיכטער, פרעגען מיר פריהער פון אַלעמען, וואָס האָט ער געבראַכט מיט זיך אויף דער וועלט, וואָס האָט ער ענטדעקט. מיר זיינען איהם גרייט מוחל צו זיין פערשידענע פעהלערען, אבי ער זאָל זאָגען עפּעס נייעס, אָבער בעצויבערט וועלען מיר ווערען פון איהם, נור ווען ער וועט ווירקליך אויפטהון עפּעס נייעס, זאָגען אַן אָריגינעל וואָרט. דערמיט ערקלערט זיך דער אינטערעס, וועלכען מיר אין דענעמאַרק האָבען צו דער נייערער נאָרוועגישער ליטעראַטור. אָהן צווייפעל שטעהט די נאָרוועגישע דיכטונג שטאַרק אָב פון דער דענישער קלאַסישער דיכטונג: זי האָט ניט די האַרמאָנישקייט פון פאַרב, די פיינהייט פון סטיל, די שעהנע רוהיגקייט, מיט וועלכער עס צייכענען זיך אויס די ווערק פון א קולטור־דיכטער. ס'אַרא אָבגרונד צווישען דעם קלאַסישען סטיל, וועלכען עס האָבען די בעסטע ווערק פון הייבערג און פּאַלודאַן־מיולער אָדער די נאָוועלען פון פרוי היולעמבורג — אַלץ דענישע דיכטער! — און דעם מאַנערירטקייט פון ביערנסאָן'ס ערשטע דראַמען אָדער די שווערע, געקינצעלטע פאָרמען פון דער נאָרוועגערין טאָרעזען. און דאָך געפעלען אונז אַלעמען מעהר ביערנסאָן'ס זאַכען, ווי די ווערק פון דער פריהערדיגער גענעראַציאָן, וועלכע האָט געצויגען ווייטער אונזער דענישע טראַדיציאָן. דענעמאַרק איז טאַקי געווען די פערמיטלערין צווישען נאָרוועגיען און אייראָפּא, די נאָרוועגיש־דענישע עלטערע ליטעראַטור האָט קינסטלעריש געפורעמט די היינטיגע נאָרוועגישע דיכטונג — און דאָך פרעהען מיר זיך, וואָס די נאָרוועגישע היינטיגע ליטעראַטור בעפרייט זיך פון אונזער דענישען איינפלוס און הויבט אָן צו ווערען זעלבסטשטענדיג. כדי דאָס זאָל מעגליך ווערען, האָט געדאַרפט געשעהען אַזעלכעס: דער קולטורשטראָם האָט זיך געמוזט אויפהויבען אַזוי הויך אין'ם נאָרדען אַז פון דענעמאַרק זאָל זי זיך קענען צוגיסען איבער נאָרוועגיען, בעפרוכטענדיג איהר; און נאָך איז נויטיג געווען, אַז דער דאָזיגער שטראָם זאָל פערלאָזען די דע־

נישע ברעגען, ווערען זעלבסטשטענדיג, צוריקלויפען אהיים, איבער־לאָזען זיין פרוכטבריינגענדיגען שלאַם. די פּאָעטישע ווענעטאַציאָן, וואָס איז אויסגעוואקסען אויף דעם באָדען, האָט געפונען איהר שעהנסטען און פולשטענדיגסטען אויסדרוק אין ווערגעלאַנד'ס לי־ריק און אין ביערנסאָן'ס פּויערישע נאָוועלען, אָבער די גרעסטע בעדייטונג פאַר אונז האָט די ערנסטע היסטאָרישע דראַמאַ.

אָבער וואָס האָט אונז איבסען געזאָגט אזוינס נייעס? מיר אין דענמארק קענען איהם, אַלס קאָמפּאָסנאַטור. ווען ער זאָל זיין נור דאָס און ניט מעהר, וואָלט מען פון איהם, אַלס דיכטער, ניט געקענט ערווארטען עפּעס גרויסעס; א גייסט, וואָס צושטערט אַלעס אויף זיין וועג, איז ניט דיכטעריש. אודאי קען אין יעדער פּער־ניינונג זיין בעהאַלטען עפּעס פּאָזיטיוועס, אָבער ביי איבסען'ען איז דאָס ניט אזוי, ווי דאָס איז לייכט צו זעהן פון זיינע דראַמען.

אויב מיר ווילען לעזען איבסען'ס דראַמען איינע נאָך דער אנדערער, ערווארטענדיג עפּעס גרויסעס, ווילען מיר, זעהר מעג־ליך, ווערען אביסעל ענטטוישט; איהר קענט זיי לעזען און לעזען און דאָך ניט פערצויבערט ווערען פון עפּעס א נייער אידעע, עפּעס א נייער פּאָעטישער וועלטאַנשויאונג, ווייל, אין אמת'ען, האָט איב־סען ביז איצט אָנגעשריבען איינאיינציגע אָריגינעלע און (ניט קו־קענדיג אויף איינצעלנע פעהלערען) א איננאַנצען איינגעגעבענע דראַמאַ, אָבער דערפאַר האָט די דאָזיגע דראַמאַ אזא גרויסע בעדיי־טונג, אז זי אליין גיט איהם א רעכט צו בעטראַכט ווערען פאַר א גרויסען נאָרדישען דיכטער.

הענריק איבסען איז ניט איינער פון די גליקליכע דיכטער. א גליקליכער דיכטער איז יענער, וועלכער ענטדעקט אין זיך גאַנץ פריה, אויב ניט מיט אמאָל, אַן אָריגינעלען אינהאַלט און אויף די פיינע, קלאָרע פאָרם, וואָס זאָל אויסדריקען דעם דאָזיגען אינ־האַלט. אזא דיכטער קען מיט דער צייט אָנשרייבען בעדייטענדע ווערק, ווי אמאָל, ער קען שפּעטער בייטען זיינע קינסטלערישע פאָרמען, אָבער דאָך ווילען אַלע זיינע ווערק, סיי די בעדייטענדע־רע, סיי די ווענינער בעדייטענדע, זיין קונסטווערק, יעדעס אין זיין

אַרט, און וועלען זיך אויסצייכנען אַלע מיט שעהנהייט און דער פּאָ־עטישער אינדיווידואַליטעט פון'ם אויטאָר. אַנדערש איז דאָס גע־גאַנגען איבסען'ען מיט זיינע דראַמען און ליריק. שריט ביי שריט, לאַנגזאַם איז געגאַנגען דער דיכטער, ביז ער האָט געטהון אַ שפּרונג און מיט דעם שפּרונג פּערטראָגען געוואָרען אויף יענער זייט גרענעץ, וואו עס ליגט דאָס געבענשטע לאַנד. עס האָט זיך לאַנג געדוכט, אַז ער וועט ניט קענען געבען דעם ריכטיגען שפּרונג. זיין געניאַלע נאַטור האָט זיך ניט געקענט בערוהיגען; ווי אַ קראַנק, פיבעריש קינד וואַרפט ער זיך פון זייט צו זייט אַרום, אָט גיט ער זיך אָב זיינע וויזיאָנען און אידעען און אָט פערצווייפעלט ער אין זיי און אין זיין פערצווייפלונג הויבט ער אָן צו זוכען דאָס, וואָס איהם פעהלט, אויסער זיך: ער כאַפּט זיך אָן אָן די שעהנע, פיינע דראַ־פּעריען, הילט זיך איין אין זיי, אַזוי אַז ער ווערט ניט צו דערקענען, זוכט אַ סטיל, וואָס זאָל זיין גוט פאַר איהם, נאָך מעהר זוכט ער אַ שפּראַך אָן אייגענע, אַ שפּראַך פאַר זיך, וואַרפט אַוועק דאָס, וואָס ער האָט שוין געפונען, פערשטעהט, ענדליך, אַז נעמען ביי אַנ־דערע הייסט פערלירען זיך, און אַזוי, קעמפּפענדיג און איבערוועג־דענדיג, געפינט ער סוף כל סוף זיך.

איבסען האָט געפונען זיך, ווען ער האָט, האָבענדיג פערענ־דיגט זיינע ערשטע צוויי אַרבייטען, — „קאַטילינאַ" אין דענישע פינפזילבינגע יאַמבען און „דאָס פעסט אין סאָלהאוג", וואָס איז גע־שריבען אין'ם ריטם פון די עלדערנזאַגען, — אָנגעשריבען אין'ם יאָהר 1857 פאַר'ן כריסטיאַניאַ'ער טעאַטער, „פרוי אינגער פון עס־טראָט", אַ היסטאָרישע טראַגעדיע, און אין'ם קומענדיגען יאָהר — „די העלדהערערן אין העלגאָלאַנד", וואָס איז אַ דראַמאַטישע בע־אַרבייטונג פון דער אַלטער זאַגע וועגען דעם וואָלסונגער געשלעכט; די ביידע דראַמען זיינען זעהר אינטערעסאַנט, בעזונדערס די ערש־טע, אָבער זיי זיינען ניט אַזוי שטאַרק אָריגינעל, ווי די שפּעטערדיגע דראַמען איבסען'ס. אָריגינעל איז נור דער סטיל, די פאָרם, וואָס ווערען ביי איבסען'ען וואָס ווייטער אַלץ מעכטיגער און שטאַרקער, — אָבער די אידעען זיינען בעקאַנטע; מיר האָבען דעם איינדרוק,

אז מיר האָבען עפּעס עהנליכעס געהאַט פון'ם דיכטער, אויב נים פון אנדערע. איבסען האָט א גרויסע פעהיגקייט צו ווארייארירען זיינע מאָטיוון; ער געהט אַלץ מעהר אין דער טיף, אָבער ניט אין דער ברייט. ער האָט ניט אזא ברייטקייט, ווי טיף, אָבער דאָס שטערט איהם ניט צו זיין אן ערשטקלאַסיגער. אפּילו אין דער שפּעטערער אר־בייט „די פעלדהעררען פון העלגאַלאנד" האָט ער בע'גזל'ט די אמאָ־ליגע פאָלקסדיכטונג. כדי צו קאָנצענטרירען אין דער דראמא וואָס מעהר כאראקטעריסטישע און פּיקאנטע שטריכען פון די אמאָליגע צייטען, האָט איבסען גענומען מיט א ברייטער האנד עפעקטפולעס פון פערשיעדענע פאָלקסלידער און זאגען; ווי גאָלדשמידט האָט עס זעהר גוט אויסגעדריקט, האָט ער בעל־הבית'עוועט אין די אלטע זאגען, ווי אן אמת'ער גזלן. און איבסען האָט נאָך אזא געוואוינ־הייט! נעמט ער נים פרעמדס, נעמט ער אייגענס. דאָס קען מען זעהן אָן די פערזאָנען, וואָס טרעטען אויף אין זיינע דראמען. איבסען איז עהנליך צו יענע מאָלער, וואס האָבען שטענדיג דיזעל־בע מאָדעל; זיצענדיג שטעלט זי פאָר ברוט'ן, שטעהענדיג — כריסטיאן IV; אין א כיטאָן איז דאָס אכיל, א נאקעטע — שמשון הגבור. א דיכטער מוז אָבער שטענדיג האָבען זיין אייגענע מאָ־דעל.

אין דער דראמא „פרוי אינגער פון עסטראָט" פיגורירט א טיפ, וועלכען איבסען האָט אזוי אָפט געמאָלט. דאָס איז א טיפּ פון א מזיק, א טייפעל, פערשטעהענדיג דאָס וואָרט אין גוטען און שלעכ־טען זין. די הויפּטראָל אין „פרוי אינגער" שפּילט דער דענישער ריטער נילס לוקע; לוקע איז מזל, גליק — שוין דער פאמיליען־נאָמען בעווייזט, ווער דער ריטער איז: דאָס איז א מזל'דיגער מענש, א גליקליכער, א האלב־מיטעלאַלטערליכער דאָן־זשואַן, וואָס בעצויבערט יעדען איינעם, ווי קאטילינא, האָט גרויסע פעהיגקיי־טען און נאָך גרעסערע אמביציאָנען. אין דער דראמא ווידערהאָלט זיך דער גרונדמאָטיוו פון „קאטילינא'ן": דער ריטער, א שכור, אן אויסגעלאַסענער מענש, טהוט תשובה צו שפּעט, ער ווערט בע־שטראָפט מיט ליעבע צו א מיידעל, וועלכע האָט צו איהם פער־

אכטונג, פיינדשאפט און עקעל, ווייל ער, דער פערפיהרער, האָט גע־שענדעט דער שוועסטער איהרערס עהרע און אריינגעיאָגט זי אין קבר אריין.

איבסען האָט ליעב אין זיינע דראמען פּאָרצושטעלען ניט נור דיזעלבע טיפּען, נור אויך דיזעלבע סיטואציאָנען. געוועהנליך שטעלט ער אנידער א מעכטיגע, גאנצע, רייך־בעגאבטע מענערגעשטאלט צווישען צוויי פרויען פון גאנץ ענטגעגענגעזעצטען כאראקטער: איי־נע איז בעז, סטיכיש, אָהן א צוים, די אנדערע — זאנפט, שטיל, איינע — מענעריש, א וואלקיריע אָדער פוריא, די אנדערע — צארט, ווייביש־ווייך, פער׳חלומ׳ט. קאטילינא האָט ליעב די בעזע פוריא און די זאנפטע אורעליא, זיין ווייב און גוטען מלאך. א עהנליכע סיטואציאָן ווידערהאָלט זיך אין׳ם „פעסט אין סאָלהאוג“. אין דער דראמא „די פעלדהעררען אויף העלגאָלאנד“ ווערט דער סיגורד פון דער זאגע צוגעצויגען פון איין זייט פון ברונהילדע, פון דער אנדערער — פון הודרון, אָדער, ווי זיי הייסען אין דער דרא־מא, פון יאָרדיס און דאגני. שפּעטער וועט איבסען׳ס בראנד זיין פערצוויבערט פון דער טיטאנישער הערדא, זיין בעזען גייסט און ניט קענען זיך אָברייסען אויף פון זיין פרוי אגנעס. ס׳ארא וואונדערבאר פּאָעטישע געשטאלט אגנעס איז!

אויף דעמזעלבען אופן שטעלט איבסען געוועהנליך אנטקעגען זיין העלד א שוואכערע מענער־געשטאלט, וועלכע ער מאָלט נאָך קאַ־ריקאטורענהאפט אין׳ם „פעסט אין סאָלהאוג“ אלס בענגס׳ן, אָבער נעמט זי אלץ ווייטער אלץ ערנסטער: די דאָזיגע פיגור פער־קערפּערט ביי איבסען׳ען אלעם עהרליכע, פּראָזאאישע, געוועהנליכע, רעספּעקטאבלע און איז ענדליך מנצח דעם האלבגאָט אָדער די העל־דישע נאטור. אזא געזעץ איז שוין, אז די געזונדערע, נידריגערע נאטור מוז בעזיגען דעם געניאלען מענשען. בעטא וועט קיינמאָל ניט ווערען אלף, אָבער ער האָט מעהר ערפאָלג פון׳ם העכערען מענ־שען — אלף. אין „די פעלדהעררען אויף העלגאָלאנד“ איז דער מוטיגער, עהרליכער, בעל־הבית׳שער גונאר מנצח דעם מערכוו־האפטען סיגורד, וועלכער איז ניט אריינגעריטען אין פייער, ווי עס

שטעהט אין דער זאגע, אָבער פיהרט דערפאַר אַ קאַמפּף מיט'ן בער; שפּעטער וועט הולדסטאַד, דער ניכטערער, פערשטענדיגער סוחר און מאַן פון „דער קאָמעדיע פון ליעבע" מנצח זיין דעם אידעאַליסט פאַלק, וועלכען איבסען שטעלט פאַר רייטענדיג אויפ'ן פּעגאַס.

עס איז אונמעגליך צו לייקענען, אַז אונזער דיכטער דרעהט זיך אַרום אויף דעמזעלבען אָרט, אָבער אַ טעות האָט יענער, וואָס זעהט דאָס און נור דאָס, דען וואָס בעטייט דאָס, וואָס איבסען דרעהט זיך אַרום דיזעלבע גרונדגעדאַנקען, געהט אויף דעמזעלבען וועג, איז אַזוי עקשנות'דיג אין זיין פערטיפען זיך אין דיזעלבע בעציהונגען? דאָס הייסט, אַז דער דיכטער געהט אַלץ טיפער אין זיך אַריין, לאָזט זיך אַראָב אַלץ ווייטער אין זיין אינערען איך און ווי איינער, וואָס זוכט אַן אוצר, פערלירט ער אַלץ מעהר יעדען אינטערעס צו אַלע אַנדערע רייכטימער, וואָס זיינען פערשפּרייט אויף דער וועלט, ווייל אויף'ן אוצר האָט ער זיך פערקוקט. און דערנעהענטערט זיך דען איבסען ניט אַלץ מעהר צו זיין ציל? ווי אונאויפמערקזאַם איהר זאָלט ניט לעזען איבסען'ס ווערק, וועט איהר בעמערקען, אַז יעדעס נייע ווערק איז אַ טריט פאָרווערטס אויף'ן וועג פון זיין ענטוויקלונג, אַ טריט אין דער ברייט, אויב ניט אין דער טיף אַריין.

עס איז ניט שווער צו טרעפען, וואָס פאַר אַ אינטערעס די דאָזיגע סוזשעטען האָבען פאַר איהם. עס איז קלאָר, מיט וואָס זיי ציהען איהם צו זיך צו. אַ נשמה האָט געפונען אַ נאָהענטע נשמה. גרויסקייט, מאַכט, גראַנדיעזע ליידענשאַפטען, אַ מעכטיגער ווילען, וואָס שעפט נייע קרעפטען און ליידענשאַפט — דאָס זיינען די אידעאַלען פון אונזער דיכטער, ווי פון אַנדערע נאָרוועגישע דיכטער, וואָס זיינען שפּעטער פון איהם אַרויסגעטראָטען אין דער עפענטליכקייט; דער אונטערשיד איז נור דער, וואָס זיי שרייבען אידילען און ער — פּאַמפלעטען. אין געגענזאַץ צו די נאָרוועגער, וואָס בעשרייבען דאָס פּויערישע לעבען, האָט איבסען קיינמאָל ניט געפּרואווט מאָלען דאָס היינטיגע לעבען, אידעאַליזירענדיג עס; דאָס זמאָליגע איז געוועזען גרויס, אַלעס היינטיגע איז קאַריקאַטור. ווי־

לענסקראפט — דאָס איז וויכטיגער פון אַלץ, זאָגט איבסען; ארום דעם קרעפטיגען ווילען בעוועגען זיך שטענדיג זיינע געדאנקען אין „בראנד“, אזוי ווי פאלודאן־מיולער'ס ארום דעם ריינעם ווילען.

איבסען האָט א נייגונג צום טראַגישען, עפּעס מעלאנכאָלישעס איז אין איהם און לאָזט איהם ניט צו רוה; דעריבער האָט ער ליעב צו בעשרייבען שווערע, אָנגעשטרענגטע בעציהונגען און שרעקליכע סיטואציאָנען, וואָס ברענגען אום מענשען אָהן נוצען פאר זיך און אנדערע. א ביישפּיעל: פרוי איננגער איז א זעלטענע פרוי, די אוינען פון גאנצען פאָלק זיינען געווענדט צו איהר, זי איז ווי בע־שטימט פון'ם שיקזאל צו בעפרייען דאָס פאָלק פון'ם פרעמדען יאָך. פון דער יוגענד אָן האָט זי געשוואָרען טרייהייט דער היי־ליגער זאך, זי איז קלוג, זי איז מוטיג, זי האָט עהרגעפיהל — אַלעס צווינגט איהר טהון, פיהרען, זיגען, אָבער זי ריהרט זיך ניט פון'ם אָרט, זי האָט מורא אויפצוהויבען א פינגער נעגען די אונטערדרי־קער, ווייל איהר זוהן, איהר אונגעזעצליך קינד, איז א גייזעל אין'ם שונא'ס האנד. איהר גאנץ לעבען שרעקט זי זיך איהם זאָל ניט גע־שעהן עפּעס בעז, און ענדליך ברייננט זי איהם אום מיט איהרע איינענע הענד, זייענדיג איבערצייגט, אז זי האָט געטויט אָן אנ־דערען. ווי יאָרדים אין די „פעלדהעררען אויף העלגאָלאנד“, ברעננט פרוי איננגער דאָס גרעסטע אומגליק דעם מענשען, וועלכען זי האָט מעהר פון אַלעמען ליעב.

אויך אין די ראָזיגע אידילישערע ווערק, וואָס גליהען מיט מעכטיגען פּאַטאָס און גרויסע אידעען, טאנצען פאר אונזערע אויגען פונקען פון בעגייסטערונג און עס טראָגען זיך פאר אונזערע אויגען די שמיץ פון דער שטראָפענדער בייטש, וועלכע איז געהאנגען אי־בער די קאמפּפס־שריפטען פון איבסען'ען. אָבער ניט דאָ און ניט דאָרט איז איבסען דער שטילער, רוהיגער, געמיטליכער טייך, וואָס פליסט זיך אונמיטעלבאר ארויס פון די שאצקאמערען פון דער נא־טור.

II

אין׳ם יאָהר 1864 איז ערשינען איבסען׳ס א דראמא „די פרעטענדענטען אויף׳ן טראָן״. דער סוזשעט פון דער דראמא איז אן אלטבעקאנטער. ווער פון אונז האָט ניט געהערט פון׳ם מערכען וועגען אלאדין און נורעדין, דעם נאאיווען מערכען פון „טויזענד און איין נאכט״, א וואונדערבארע פּאָעמע פון אונזער גרויסען דיכ־טער עלענשלעגער. אין די „פרעטענדענטען אויף׳ן טראָן״, שטעהען אנטקעגען איינע דער אנדערער צוויי נאטורען, א העכערע און א נידריגערע, איינע — די נורעדין־נאטור און די אנדערע — אן אלאדין־נאטור. האָקאָן און סקולע זיינען ביידע פרעטענדענטען אויף דעמזעלבען טראָן, פון יענעם שטאָף, פון וועלכען קעניגע ווערען בעשאפען. האָקאָן איז די פערקערפערונג פון גליק, נצחון, רעכט און גלויבען אין זיך, סקולע — א מייסטערהאפט געמאָלטע, אויפ־ריכטיגע און אָריגינעלע הויפּטפיגור — איז א פער׳חלומ׳טער מענש, וואָס פיהרט שטענדיג מלחמה מיט זיך אליין, האָט ניט קיין פער־טרויען צו זיך, איז מוטיג און עהרגייציג; ער האָט אפשר אלע איי־גענשאפטען פון א קעניג, אָבער עס פעהלט איהם עפּעס, וואָס לאָזט זיך ניט אויסדריקען, אָנכאפּען פאר דער האנד, פאָרמולירען; אָהן דעם אונבעשטימטען עפּעס האָט אלעס איבריגע קיין ווערט ניט. „איך בין די האנד פון א קעניג, — זאָגט ער, — אפשר א קעניגליכער קאָפּ, אָבער האָקאָן איז א גאנצער קעניג.״ אייך האָט די נאטור בעשאָנקען מיט גייסט, — ענטפערט איהם האָקאָן, — אָבער איהר זייט בעשטימט צו שטעהן נאָהענטער פון אלע צום קעניג, אָבער ניט צו זיין קעניג אליין.

וועגען האָקאָן׳ען קומט אוים צו זאָגען דאָס ענטגעגענגעזעצטע. ער איז ניט קלינער פון בישאָף ניקאָלאס, ניט מוטיגער פון סקולע׳ן, אָבער ער איז דער גרעסטער מענש, א פעלדהערר וואָלט געזאָגט „דער מוטיגסטער״, א גייסטליכער — „דער גלויביגסטער״, אָבער דאָס איז פאלש, ערקלערט בישאָף ניקאָלאס: „דער גרעסטער מענש איז דער גליקליכסטער. דאָס איז דער מענש, אין וועלכען עס

צינדען זיך אָן מיט א העלען פייער די פאָדערונגען פון זיין צייט, אין וועלכען עס ווערען געבאָרען געדאַנקען, וואָס זיינען ניט איינגאַנ־צען פערשטענדליך פאר איהם אליין, אָבער וואָס בעצייכענען דעם וועג, וועלכער וועט איהם פיהרען ערגעץ וואו, דעם וועג, אויף וועל־כען ער דארף געהן איז געהן, ביז ער וועט ניט דערהערען די פריי־דיגע אויסגעשרייען פון דעם פאָלק, וועט ניט אומקוקען זיך מיט ברייט־צועפענטע אויגען און ניט בעמערקען, א פערוואונדערטער, אז ער האָט געטהון עפּעס העלדישעס".

אזא גליקליכער איז האָקאָן. איהם גיט זיך אַלץ איין. „צי געהט ניט אַלעס גוט, וואָס האָט צו טהון מיט איהם? אפילו די פויערען האָבען דאָס בעמערקט: זיי זאָגען, אז די בוימער גיבען דאָפּעלטע פרוכט, און די פויגלען טראָגען דאָפּעלט אייער, זייט האָ־קאָן איז קעניג געוואָרען. די דערפער אין ווערמערלאַנד, וועלכע ער האָט פערוויסטעט און אונטערגעצונדען, זיינען ווידער ישוב געוואָ־רען, און די פעלדער זיינען פערזעהט מיט שווערע זאנגען, וועל־כע בויגען זיך פון יעדען ציטער פון ווינד. מען קען מיינען, אז בלוט און אש בעפרוכטען יענע געגענדען, איבער וועלכע האָקאָן איז דורכגעגאַנגען מיט זיין ארמעע. די הימלישע קרעפטען פערניכטען יעדען היזק, וואָס האָקאָן און זיין ארמעע טהוען אָן. האָקאָן'ען האָט זיך געלוינט, אז איינגע זאָל אין דער פריהעסטער יוגענד אומ־קומען, איז איינגע אומגעקומען; ער האָט געדארפט האָבען בעשי־צער און היטער, האָבען זיינע זעלנער איהם געהיט און בעשיצט; ער האָט געמוזט אויסשטעהן דעם נסיון מיט'ן אייזען, איז זיין מו־טער געקומען און אנשטאט איהם דאָס גליהענדע אייזען געטראָגען".

אן אמת'ער אלאדין! אייגענטליך האָט ער אין זיך עפּעס גרע־סערעס, עפּעס אנדערש, ווי אלאדין; א האַלב יאָהרהונדערט טיילט איהם אָב פון אלאדין. ער איז מעהר, ווי א גליקליכער, ווי א פאַ־וואָריט פון'ם גליק, וואָס יעדער פערלאַנג זיינער ווערט ערפילט און יעדער בעפעהל אויסגעפיהרט. ער האָט עפּעס אנדערש, ווי גליק, עפּעס שטארקערעס און העכערעס פון גליק, וואָס דערהויבט איהם איבער'ן מזל'דיגען אלאדין'ען. ער האָט ר ע כ ט, אלאדין האָט

גאָרניט צו טהון מיט רעכט; אויב ער איז גערעכט, איז דאָס נור דערפאַר, וואָס ער קען ניט זיין אומגערעכט. דער נאָאיווער אלאַ־דין ווייסט ניט פון אזא ראַציאָנאַליסטישען, געקינצעלטען בעגריף, ווי רעכט, וואָס איז שוין א רעזולטאַט פון ציוויליזאַציאָן און לע־בענס־צוזאַמענשטויסען. רעכט איז דער אויסערער אויסדרוק פון גוטען, אָבער ניט דאָס גוטע; רעכט איז עפּעס דרויסענדיגעס, ארויפגעצוואונגענעס, און ניט אינערליכקייט. די מאָראַלע אידעע איז צו שטרענג און מאָנומענטאַל, מען זאָל זי קענען אריינפּלעכטען אין א פּאָעמע וועגען אלאדין'ען, זי וואָלט צושטערט די האַרמאָניע פון'ם מערכען, ווי א שווערער שטיין מוז צורייסען דאָס צאַרטע פּאַדים־געוועב. הייבערג האָט דאָס אויסגעדריקט נאָך פריהער: „די מאָראַלע אידעע איז צו שווער פאַר'ן פאַנטאַסטישען מענשענמאַ־טעריאַל, וועלכער ווייס נאָך ניט דעם אונטערשיעד צווישען גוטען און בעזען". אָבער אין „די פּרעטענדענטען אויף'ן טראָן" שטעהען מיר אויף'ן היסטאָרישען באָדען, מיר פיהלען די ערד פון ווירקליכ־קייט אונטער די פיס. די ליעבע צום היסטאָרישען האָט היינטיגע צייטען פערנומען דעם אָרט פון דער נייגונג צום סימוואָליש־אי־דעעלען, וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער נאָהענטסטער פער־גאַנגענהייט; פריהער האָט מען פערגעטערט שענהייט, איצט — דאָס שטרענג־מאָראַלישע (אָפט דאָס איינזייטיג־טוגענדהאַפטע); פאַנטאַסטישע געשטאַלטען בעגייסטערען שוין איצט נישט. בע־גייסטערט ווערט מען פון אקטיוויטעט, אקטיווען לעבען. גליק איז די נאַטירליכע סטיכיע, רעכט — דער אויסדרוק פון א מאָראַלישען געבאָט.

„אויף האָקאָן'ס זייט איז דאָס רעכט, בישאָף", — זאָגט סקו־לע. — „אויף זיין זייט איז רעכט, ווייל ער איז דער גליקליכער, — ענטפערט דער בישאָף. — דאָס גרעסטע גליק איז צו האָבען אויף זיין זייט דאָס רעכט. אָבער מיט וואָס פאַר א רעכט האָט האָקאָן בעקומען דאָס דאָזיגע רעכט, און ניט איהר?" ס'אַרא געניאַלע אידעע! ס'אַרא טיפענישען בעהאַלטען זיך אין דער זעעלע פון'ם דיכטער, וועלכע קענען אויסדריקען אזעלכע געדאַנקען! איין דרעה,

איין מינוט, אזא שנעל־פערגעהענדע, אז דאָס אויג האָט ניט גע־קענט כאַפּען זי, און די גאַנצע מאָראַל ליגט אַ צוטראַטענע אויף די קניה פון דער נאַטור, דאָס עטישע ווערט אַ מעטאַפּיזיש פּראָבלעם. „מיט וועלכען רעכט איז איהם געגעבען געוואָרען דאָס רעכט?“ אַזוי פרעגענדיג, וויל מען אריינגאַרען אין זאַק דאָס מאָראַלישע, אין זייט אַ שטעך טהון איהם, קוילען איהם שטילערהייט. דאָס איז אונמעגליך. דאָס מאָראַלישע ווערט נאָך דאָפּעלט שטאַרקער, ווייל פרעגענדיג וועגען דעם רעכט אויף רעכט, געהען מיר ניט ארויס פון די גרענעצען פון רעכט. די דאָזיגע רעפּליק אַליין בעווייזט, ווי ווייט מיר זיינען פערגאַנגען פון עלענשלעגער׳ס צייטען.

אָבער מיט׳ן וואָרט רעכט ווערט בעצייכענט גאָר עפּעס אַנ־דערש, וואָס האַקאָן האָט און אַלאַדין האָט קיינמאָל ניט געקענט האָבען. מעגליך, אז האַקאָן האָט גאָרניט קיינע פאָרמאַלע רעכט אויף׳ן טראָן. „אָבער, — רופט אויס סקולע, — ער אַליין גלויבט אין זיין רעכט. דאָס איז דאָס גרעסטע גליק; דערין איז זיין קראַפט“. מיר פיהלען, אז איבסען האָט ריכטיג אָבגעשאַצט דאָס פערטרויען, וואָס האַקאָן האָט און זיין אונערשיטערליכע איבער־צייגונג, אז ער איז דער אמת׳ער אויסדערוועהלטער. די גאַנצע דראַמאַ דרעהט זיך, ווי אַרום איהר אַקס, אַרום די דאָזיגע צוויי אידעען: דעם געזונדען גלויבען אין זיך, צו וועלכען עס שטרעבט די גאַנצע היינטיגע גענעראַציאָן אין פיין און קאַמפף, און דער אומ־גלויבען אין זיך, וואָס פרעסט, ווי אַ וואָרים, די גענעראַציאָן. אַ מייסטערהאַפטען אַנאַליז פון די אַנגסטען און פּיינען פון אונגלויבען גיט אונז דער דיכטער אין סקולע׳ס מאָנאָלאָגען. קען מען רען פער־גלייכען נורעדין׳ס צווייפלען מיט דעם דאָזיגען קאַמפף! נורעדין איז ניט קיין בעשטימטע פערזענליכקייט, עפּעס אַ זעעלע, ניין, ער איז נור אַ סימוואָל. אָבער סקולע׳ס קאַמפף איז אַ קאַמפף פון דער פערזענליכקייט מיט זיך אַליין, ווען זי איז איינזאַם, מיט זיך: זי איבערווינדעט זיך, כדי צו דערגעהן צו אַ גלויבען ניט אין׳ם איבערנאַטירליכען, נור אין׳ם נאַטירליכען פערשטאַנד.

איידער איבסען האָט אָנגעשריבען די דראַמאַ „פּרעטענדענטען

אויף'ן טראָן", האָט איינער פון זיינע פריינד געמאכט אזא בע־מערקונג וועגען איבסען'ען אין א ביאָגראפישען עטיוד, וועלכער איז געווען בעשטימט פאר א נאָרוועגישער צייטונג: „ניט קוקענדיג אויף אלע זיינע טאלענטען, האָט ער א גרויסען פעהלער: איהם פעהלט דער אידעעלער גלויבען אין א שטארקע, טיפע איבערציי־גונג". אויב דאָס איז ריכטיג, האָט איבסען אין סקולע'ן געמאָלט זיין אינערע וועלט אָדער האָט יעדענפאלס גערעדט וועגען אן ער־שיינונג, וואָס איז איהם גאָר ניט פרעמד.

סקולע איז א מענש, וואָס שפּילט אין לעבען א צווייטע, אונ־בעדייטענדע ראָל; דער דאָזיגער גערדאנק רעגט איהם אויף, זיין אונענדליכער עהרגייץ טראָגט ניט איבער די פאָרשטעלונג, אז אי־בער איהם קען שטעהן א העכערער: האָקאָן מוז טיילען זיך מיט זיין מאכט מיט איהם. „איך בין א גייסטיג־קראנקער, און קען אנ־דערש ניט געהיילט ווערען. מירביידע דארפען זיין גלייכע; קיי־נער דארף ניט שטעהן העכער פון'ם אנדערען". דאָס מוז ער דער־גרייכען. ער פאָדערט פון האָקאָן'ען ער זאָל מיט איהם צוזאמען קינינגען אָדער אין א צווייקאמפף מיט איהם זאָל ענטשידען ווערען, ווער דארף קעניג זיין. האָקאָן'ס ענטפער צוברעכט זיין האַרץ: ער איז זיכער אין זיך, ווייל ער פערקערפערט אן אידעע, וואָס האָט א צוקונפט.

האָקאָן

ווען איך בין געוואָרען קעניג, זיינען אלע געפאלען אויף די קניה פאר מיר. ניטאָ מעהר קיין באנלערנער, קיין ריבינגנער.

סקולע

איהר האָט זיך דערמיט געדארפט וועניגער פון אלעמען פרע־העו, ווייל דערין ליגט די גרעסטע געפאהר. ארמעע דארף שטעהן נעגען ארמעע, פּראָווינץ געגען פּראָווינץ, אויב דער קעניג וויל ווירק־ליך זיין מעכטיג. יעדעס דערפעל אין לאנד, יעדעס געשלעכט דארף מוזען אָנקומען צום קעניג, אָדער שרעקען זיך פאר איהם. ווערט איהר דערשטיקען אלע קריגערייען אין לאנד, איז אייער מאכט גע־בראָכען.

## האַקאָן

איהר ווילט זיין קעניג — און רעדט אזעלכע ווערטער? איהר האָט געקענט זיין א גוטער פעלדהער אין די צייטען פון ערלינגג סקאַק, אָבער איצט האָט אייך די צייט שוין איבערגעוואַקסען, און איהר ווילט דאָס ניט בעמערקען. זעהט איהר ניט, אז דאָס נאָרוועגישע קעניגרייך, דאָס נאָרוועגיען, וואָס האראַלד און אָלאָף האָבען בעשאַפען, איז געגליכען צו א קירכע, וועלכע איז נאָך ניט געהיילינט געוואָרען? די ווענד, וואָס שטיצען זיך אויף די פעסטע קאָלאָנען, געהען אין דער הויך; איבער זיי האָבען זיך צושפּרייט די קירכליכע געוועלבען, דער שפּיץ שלינגעלט זיך צום הימעל, ווי א פּיכטענבלום אין וואַלד, אָבער דאָס לעבען, דאָס וואַרימע האַרץ ריהרט זיך נאָך ניט; נאָך האָט מען אין׳ם געהילץ ניט אריינגעבלאָזען גאָט! גייסט, די קירכע איז נאָך ניט געהייליגט. איך וויל הייליגען איהר. נאָרוועגיען איז געוועזען א ק ע נ י ג ר י י ך, זי מוז ווערען א פ אָ ל ק. אמאָל האָבען די מענשען פון טראָנדיעם פיינד געהאַט די וויקווערינגער, די אגדעווערינגער — די גאָרדאַלענדינגער, איצט דאַרפען אַלע ווערען איין פאָלק און פיהרען זיך, ווי איין גאַנצעס...

## הערצאָג סקולע (אַז ערשטוינטער)

ווי איין גאַנצעס...? נעמען צוזאַמען, פּעראייניגען אי די טראָנדיעמער, אי די וויקווערינגער — גאַנץ נאָרוועגיען? (מיט אונצוטרוי) דאָס איז אונמעגליך! דאָס ווערט דאָך ניט דערמאָנט אין קיין נאָרוועגישער זאַגע!

## האַקאָן

נאָר א י י ך איז דאָס אונמעגליך, ווייל איהר קענט נור איבער׳חזר׳ען דאָס, וואָס איז שוין געוועזן; אָבער מיר איז דאָס לייכט, ווי ס׳איז לייכט דעם פאַלקען זיך אויפצוהויבען צום הימעל.

אין דער דראַמאַטישער ליטעראַטור פון דער גאַנצער וועלט איז ניטאָ עפּעס עהנליכעס צו דער דאָזיגער געניאַל־פּערטראַכטער און טיף־דורכגעפיהלטער סצענע.

סקולע בערוהיגט זיך ניט; ער וויל צונעמען ביי האקאן׳ען זיין אידעע און זי פערווירקליכען. ער איז איינפערשטאנען צו ווע־רען קעניג — דער נורעדין, וואס גנב׳עט צו אלאדין׳ס צוויבער־לאמפ. סקולע טרעט איין אין קאמפף און זיגט, אבער, האבענדיג געזיגט, ציטערט ער נאך אלץ, איז אונזיכער, גלויבט ניט, אז דאס, וואס איז געשעהן פאר זיינע אייגענע אויגען מיט איהם, איז עפּעס רעעלעס. אזוי שטעהט נורעדין א דערשראקענער, מיט ציטערענ־דיגע קניה, ארויסלאזענדיג דעם צוויבער־לאמפ פון די הענד אין דערזעלבער מינוט, ווען עס ערשיינט דער גייסט, וועלכער איז גרייט צו פאלגען איהם.

אויב סקולע גלויבט ניט זיך האט ער א טיף, היים בעדערפניש צו האבען ארום זיך עמיצען, וועלכער זאל אונענדליך גלויבען אין איהם; אין דעם דאזיגען גלויבען וויל סקולע שעפען א נייע קראפט. ער זוכט לאנג, אלץ אומזיסט. אבער פלוצלונג קומט די געליבטע פון זיין יוגענד, ברענגט איהם זיין זוהן, און דער זוהן ווערט א גרויסע טרייסט פאר איהם: ער איז איבערגעבען דעם פאטער, ווי א גוטער זוהן, איז ענטציקט פון איהם, גרייט צו גלויבען אלעס; ער פערשטעהט די גרויסקייט פון זיין אידעע און ווידמעט איהר זיין לעבען. אבער א קללה ליגט אויף סקולע׳ס שיקזאל, זיין פער־ברעכען פערפאלגט איהם. זיין קאמפף ענדיגט זיך מיט א מפלה און זיין געוויסען ווערט צודריקט פון א נייעם פערברעכען פון זיין זוהן, וואס האט אין זיין פאנאטישקייט געשענדעט א פאלקס־היי־ליגטום. סקולע איז ערנידריגט, דערשלאגען. ער נעמט אראב פון זיך דעם שווערט און איז זיך מודה, אז די גרויסע אידעע איז ניט זיינע, נור האקאן׳ס. שטארבענדיג צוזאמען מיט׳ן געליבטען זוהן, פערשטעהט ענדליך סקולע, ווי פאלש זיין לעבען איז געוועזען און א בערוהיגטער לאזט ער אויס זיין לעצטען אטעם.

אז מיר פיהלען דורך טיף א פאעטיש ווערק, זיינען מיר פע־היג אויסצודריקען זיין תוך אין נאהענטערע, היימישערע געשטאל־טען; מיר איבערזעצען דעם דיכטער׳ס שפראך אויף אונזער איי־גענעם לשון. אונז ריהרט פאלוראן־מיולער׳ס „קין“, און דאך האט

קיינער פון אונז ניט געטווים זיין ברודער; אבער מיר טראכטען גאר ניט וועגען דעם, לעזענדיג דעם דיכטער, מיר טראכטען וועגען עפעס אנדערש, וועגען עפעס אונזריגס. אזוי איז אויך מיט'ן דיכטער אליין: ער בענעמט אפט זיין ווערק פערזענליכער, ווי עס קען זיך דוכטען. דער דיכטער איז אפט פערזענליך, דריקט אויס דאס, וואס עס פייניגט איהם, זייענדיג פון דרויסען, דוכט זיך, אזוי אביעקטיוו. עפעס פערזענליכעס הערט זיך אין דעם וואונדערבארען געשפרעך צווישען דעם קעניג סקולע און דעם סקאלד יאטגייר.

קעניג סקולע

האסט נאך לידער, יאטגייר, ניט־פערפאסטע?

יאטגייר

ניין, אבער פיעל לידער האב איך נאך ניט־געבארענע; זיי קריכען ארויס פון דער פינסטערניש, מיינע לידער, ווערען לעבעדיג און לאכען ניי־געבארענע.

קעניג סקולע

ווען איך, קעניג, זאל איצט הייסען דיך טויטען, וואלטען צוזאמען מיט דיר אומגעבראכט געווארען די אלע נאך ניט־געבארענע פאעטישע געדאנקען, וועלכע דו טראגסט אין דיין הארצען?

יאטגייר

קעניג, עס איז א גרויסע זינד צו טויטען א שעהנעם געדאנק.

קעניג סקולע

איך פרעג ניט, צי ס'איז א זינד, אבער איך פרעג, צי דאס איז מעגליך.

יאטגייר

איך ווייס ניט.

קעניג סקולע

האט זיך ניט געטראפען מיט דיר, אז דו זאלסט האבען א פריינד א סקאלד און ער זאל דיר דערצעהלען דעם אינהאלט פון'ם

מעכטיגען, וואונדערבארען ליד, וועלכען ער קלייבט זיך צו פערפאַסען?

יאַטגייר

יאַ, עס האָט זיך געטראָפען, קעניג.

קעניג סקולע

האָט זיך ביי דיר דאמאלס ניט דערוועקט א פערלאנג צו טויטען איהם, כדי ביי איהם צוצונעמען זיין געדאנק און אליין פערפאסען זיין ליד?

יאַטגייר

קעניג, איך בין ניט אונפרוכטבאר; איך האָב אייגענע קינדער. איך האָב ניט קיין בעדערפניש צו ליבען פרעמדע קינדער.

קעניג סקולע (כאפט איהם אָן פאר'ן האנד)

מיט וואָס דארף איך זיין בעגאבט, כדי צו ווערען א קעניג?

יאטגייר

נור ניט מיט צוויפעל, ווייל דאמאָלס וואָלט איהר מיך ניט נעפרעגט אזעלכעס.

קעניג סקולע

אָבער וואָס פעהלט מיר?

יאַטגייר

מיין הערשער איהר זייט דאָך קעניג.

קעניג סקולע

און דו ביסט שטענדיג זיכער, אז דו ביסט סקאלד?

ווי פולבעדייטענד איז די דאָזיגע רעפליק! ווי וואונדערבאַר בייט זיך די סיטואציאָן: ערשט נור וואָס האָבען מיר געהערט א געשיכטע, מיר זיינען נאָך פערטהון אין איהר, און פלוצלונג טרעט ארויס א נייע געשטאלט פאר אונזערע אויגען; פון א מעשה איז געוואָרען א סימוואָל. ווי טרויריג זיינען די ווערטער אין דער לעצטער שורה: און דו ביסט שטענדיג זיכער, אז דו ביסט סקאלד?

איבסען האָט ליעב צו מאָלען א מענשען, וואָס האָט גרויסע אמביציאָנען און הויכע שטרעבונגען, אָבער ער האָט ניט די נויטיגע גרויסע פעהיגקייטען. דער בישאָף ניקאָלאס איז א אונגעוועגליכער מענש, ער האָט קאָלאָסאַלע קרעפטען, אָבער ער פאַלט אין'ם קאמפף מיט'ן שיקזאַל. קעניג סקולע איז אַן אָפּפער פון א זעעלען־קאָנפליקט, וועלכען איבסען האָט אָנגעהויבען צו פערשטעהן ערשט שפּעטער מיט דער צייט. איבסען איז ביסלעכווייז צוגעגאַנגען אַלץ נאָהענטער צו דער דאָזיגער טראַגישער געשטאַלט. ער האָט פריהער עקספּערימענטירט, געלייִמט פיגורען, צושטעלט זיי אין פערשידענע סיטואַציען, ביז ער האָט אויסגעהאַקט פון מאַרמאָר די רעטזועל־האַפטע געשטאַלט. דאָס, וואָס איבסען האָט גענומען פאַר א טעמע פון זיין דראַמא די זאַגע וועגען די „פעלדהעררען אין העלגאָלאַנד", איז ניט צופעליג. איהם האָט פעראינטערעסירט דאָס אונמיטעלבאַרע, דאָס גרויסע פון'ם סוזשעט, ווי אויך דער איינגעגאַרטינגער טראַגישער קאָנפליקט, וואָס איז פערבאָרגען אין דער זאַגע. סיגורד האָט זיך איבערגעטהון אין גונאַר'ס מלחמה־געוואַנדען, איז בייגעקומען דעם בער און האָט א רעכט אויף יאָרדיס'ן; יאָרדיס ווערט גונאַר'ס ווייב, גונאַר מוז שווייגען. ווי ערדעל און פיין גונאַר איז ניט, מוז ער מאַכען זיך ניט וויסענדיג, אַז ניט ער, נור סיגורד, האָט בעוויזען העלדישקייט, איז אויסגעשטאַנען דעם נסיון און פערדינט צו ווערען יאָרדיס'עס מאַן. די העלדענטאַט, וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט בעוויזען, און אפשר טאַקי ניט געקענט בעווייזען, ליגט ווי א לאַסט אויף זיינע אַקסלען און געוויסען. אין דער אַנוועזענהייט פון סיגור'ן, דעם גוטען חבר, דעם אמת'ן העלד, וועלכער האָט געבראַכט פאַר איהם אַזעלכע אָפּפער, מוז ער אויסהערען לויבגעזאַנגען לכבוד דער פרעמדער העלדענטאַט, וועלכע ער האָט צוגע'גנב'עט ביי יענעם. גונאַר ווערט צו שפּאָט און צו שאַנד אין זיינע אייגענע אויגען. אַזוי ווי סקולע איז א פּלאַגיאַטאָר פון א פרעמדער אידעע, איז גונאַר א פּלאַגיאַטאָר פון א העלדענטאַט און זיין לעבען ווערט צובראָכען פון דער לאַסט פון א פערברעכען, פון וועלכען ער קען זיך ניט בעפרייען. דיזעלבע סיטואַציאָן,

וועלכע איבסען מאַלט אין די „פעלדהעררען,“ ווידערהאָלט זיך אין דעם שפעטערדיגען ווערק: „די פּרעטענדענטען“. און ווידער בליצט זי דורך אין „בראַנד“: דער באַנאַלער פאָגט וויל צו'גנב'־ענען בראַנד'ס גרויסע אידעע וועגען דער וועלטקירכע.

„די פּרעטענדענטען אויף'ן טראָן“ זיינען זיכער דאָס בעסטע ווערק, וואָס איבסען האָט ביז אהער געשריבען. די דראמא האָט פעהלערען: עס איז ניט שווער זיי צו ענטדעקען, אָבער זי האָט אונגעוועהנליכע שענהייטען. דאָס איז א גרויס ווערק.

## III

יעדע פון איבסען'ס ערשינענע דראמען איז אייגענאַרטיג און האָט א פּאָעטישען צויבער: דאָס פּאָעטישסטע, וואָס איבסען האָט ביז איצט געשריבען, איז דאָך „די פּרעטענדענטען“. „די קאָמע־דיע פון ליעבע“, און „בראַנד“ האָבען ניט אין זיך יענע אָריגינאַ־ליטעט, וואָס „די פרעטענדענטען“ האָבען. „די קאָמעדיע פון ליע־בע“ דערמאָנט אונז צייטענוויין אָן די „נאָהענטע, וואָס שיידען זיך ניט“. „בראַנד“ איז אינגאַנצען געוועזען עפּעס נייעס אין אונ־זער דיכטונג; דאָס גראַד איז געפעלען דעם גרויסען עולם און אימפּאָנירט איהם. אודאי דאַרף מען ניט צוגעבען א צו גרויסע בעדייטונג דעם ערפאָלג פון א פּאָעטישען ווערק. יעדעס יאָהר־הונדערט האָט זיך זיינע שוואַכקייטען, קאַפּריזען. און אונזער צייט האָט גראַד די פּיעטיסטישע און פּעסימיסטישע מאָראַליסטיק זיך אָנגעכאַפּט אָן די גאַנץ געשמאַקלאָזע פערזען אין „בראַנד“: „יאָ, טאַנץ, טאַנץ, מיין פריינד, אָבער וואוהין ווערסטו דערטאַנצען? היט זיך!“ אמת איז אָבער, אז אויב דער גרויסער ערפאָלג פון א פּאָעטישער זאַך בעווייזט ניט, אז דאָס איז עפּעס אָריגינעלעס און וויכטיגעס, איז דערמיט אויך ניט בעוויזען, אז דאָס ווערק טויג ניט. דעם עולם אָן א זייט לאָזענדיג, איז ניט שווער צו פערשטעהן, פאַר־וואָס מיר האָבען ניט פון „דער קאָמעדיע פון ליעבע“ און פון „בראַנד“ אזא איינדרוק פון אָריגינאַליטעט? א פאַקט איז, אז די

אידעען, וואָס זיינען אויסגעדריקט אין די דאָזיגע דראַמען, זייַ־נען נאָך קיינמאָל ניט עקספּלואַטירט געוואָרען פון דיכטער, אָבער דערפאר זיינען זיי שוין אויסגעדריקט געוואָרען אין א פראָזאאישער פאָרם. די דאָזיגע פּאָעמען פּראָקלאַמירען ניט קיין נייע אידעען; אין פערזען און ריטמישער פאָרם ווערט געזאָגט דאָס, וואָס אַנ־דערע שרייבער האָבען שוין געזאָגט. די אידעען פון „דער קאָמע־דיע פון ליעבע" און „בראַנד" זיינען די אונז גוטבעקאַנטע אידעען, וואָס האָבען געהאַט א גרויסע ווירקונג אויף אונזער יוגענד. דאָס זיינען קירקעגאָרד'ס אידעען. אייגענטליך איז „די קאָמעדיע פון ליעבע", לויט איהר טענדענץ, גראָד ענטגעגענגעזעצט צום שטאַנד־פונקט, אויף וועלכען קירקעגאָרד איז געשטאַנען, אָבער דאָך אין תוך שטיצט זי זיך אויף דעם, וואָס קירקעגאָרד האָט געשריבען פאַר און געגען הייראַט אין זיינע ווערק „אָדער — אָדער" און „שטופען פון לעבענסוועג". אַן אונענדליך גרעסערען איינפלוס האָט קיר־קעגאָרד געהאַט אויף „בראַנד". כמעט יעדע בעדייטענדע אידעע, וואָס מיר געפינען אין דער דאָזיגער פּאָעמע, איז שוין פריהער אויסגעדריקט געווארען פון קירקעגאָרד'ן, און דאָס לעבען פון בראַנד'ן איז עהנליך צו קירקעגאָרד'ס לעבען. עס קען זיך, לע־זענדיג „בראַנד", אויסדוכטען, אז איבסען וויל איבערטראָגען אין דיכטערישער פאָרם קירקעגאָרד'ס מאָטיוועז. אָבער דערמיט האָט איבסען געטהון אונרעכט זיך אליין, ער איז ניט דערגאַנגען צו דער הויך, צו וועלכער ער איז בעשטימט געוואָרען פון דער השגחה. ער איז געוואָרען מיטארבייטער, דינער, עפּעס צווייטגראַדיגס, מיט איי־נעם וואָרט, ניט דאָס, וואָס ער האָט געדאַרפט זיין.

און דאָך מוזען מיר מודה זיין זיך, אז די ביידע דראַמען האָ־בען פערדינט דעם נאָמען, וואָס זיי האָבען בעקומען. „בראַנד" האָט דורכגעשניטען נייע וועגען. דאָס איז א דראַמאַ, וואָס איז אונמעגליך צו לעזען מיט א קאַלטען, רוהיגען געמיט: ווי ווייניג עמפּפינדליך איהר זאָלט ניט זיין, מוזט איהר, איבערלעזענדיג זי, בלייבען אונטער דעם שטאַרקען, ערשיטערענדען איינדרוק; איהר האָט א געפיהל, אז איהר זייט געשטאַנען פּנים לפּנים מיט א גע־

ניאלער, מעכטיגער, ליידענשאפטליכער נאטור, וואס צווינגט אייך ארויבצולאזען די אויגען, דען טיף און דורכזיכטיג איז דעם דיכ־טער'ס קוק און שוואך זייט איהר אנטקעגען זיין קראפט. אמת, איבסען איז ניט שטענדיג דורכזיכטיג און פערשטענדליך; דאס פערדונקעלט דעם איינדרוק, וועלכען ער מאכט אויף אונז, דער־פאר אבער ווערען מיר נאך שטארקער גערירט פון זיינע נעבעל־האפטע, גראנדיעזע פארשטעלונגען.

אמת'ע דיכטונג וועקט דאפעלט: אין דערזעלבער צייט רעגט זי אויף און בערוהיגט, וועקט און מאכט שלום. אודאי, וועט א סאלאן־דיכטונג, וואס זאגט ניט, קיין ווירקונג אויף אונז ניט האב־בען, אבער אויך דער פלאמענדער פאטאס קען לייכט אריבער־שפרינגען די גרענעצען פון דיכטונג און ווערען פערוואנדעלט אין פובליציסטיק.

אויב דיכטונג איז קאמפפסלוסטיג, איז דאס א קאמפף אין נאמען פון שלום; פון דעם צוזאמענשטויס פון קרעפטען דארף ארויסוואקסען א טיעפערע, א העכערע הארמאניע. א פאעזיע וואס בערוהיגט, איז קיינמאל ניט אין געפאהר אריבערצוטרעטען די גרענעצען פון קונסט; זי קען שטענדיג בלייבען נור קונסט. אין א געפאהר איז די פאעזיע, וואס וועקט, רופט, האט טענדענצען: זי קען ווערען אזוי פערזענליך, אנפאלען מיט אזא ליידענשאפט און קראפט, אז זי וועט אויפהערען צו מאכען אויף אונז דעם איינ־דרוק פון א קונסטווערק. ענליכעס בעמערקט זיך אין אונזער סקאנדינאווישער דיכטונג: נעהמט הייבערג'ס „נשמה נאכ'ן טויט". זי איז לייכט, שטיפעריש; דער מאסשטאב פון'ם דיכטער איז א עסטעטישער, און ניט קיין מאראלישער. „אדאם האמא" פאלודאן־מיולער'ס איז א ערנסטערע זאך; צו פאעטיש, צו שווער, צו טיפ־זיניג איז דער אוטאר, אבער דאך ניט אזוי ערנסט ווי איבסען'ס „בראנד". איבסען שטיפט ניט, שפילט זיך ניט, ער איז פערבי־טערט, עמפערט געגען דער היינטיגער וועלט; ער איז אונ'רחמנות'־דיג און מאכט צונישט אלע איצטיגע. ניט דאס איז דער אומגליק, וואס דער דיכטער איז א קאמפפסנאטור: אונזער דיכטונג אין

גנעווען סאַטיריש נאָך אין די צייטען פון עלענשלעגער, ווען זי האָט זיך פערטיידיגט געגען דעם פיליסטער, וואָס לאַכט פון יעדער דיכ־טונג. דער אומגליק איז וואָס די היינטיגע דיכטונג איז רעלי־גיעז־בעגרענצט, פיהרט איהר קאַמפף מיט דער וועלטליכקייט און פאַנטאַסטישקייט אזוי ליידענשאַפטליך, אז זי פערנייט יענע פאַנטאַסטישקייט, וועלכע פערקערפערט זיך אין דיכטונג. כאַ־ראַקטעריסטיש איז דאָס, וואָס בראַנד ערלויבט ניט דער אָרימער אגנעס צו טראַכטען וועגען דעם טויטען קינד: דאָס איז סענטי־מענטאַליטעט.

אזא אינערען ווידערשפּרוך קען דיכטונג ניט לאַנג אויסהאַל־טען; עס מוז קומען צו אַ קריזיס. דער געניאַלער דיכטער ווערט פערלאָרען אין דער קאַטאַסטראָפע, וועלכע צוטראָגט אויף אַלע זיי־טען זיינע פּאָעטישע קרעפטען און ניט איין פּאָעטיש ווערק צופאַלט און ווערט צושטיקעלט און פראַגמענטאַריש. אזא קריטישע צייט איז אונזערע. איבסען איז איהר פערטרעטער, אַ וועגערעפּונקט אין איהר געשיכטע — אפשר טאַקי בעיקר דערפאַר, וואָס איבסען, דער מענש אין יאָהרען, האַלט זיך נאָך ניט אין די הענד, איז נאָך ניט דער פאָלקאָמענער דיכטער.

דאָס בעווייזט „בראַנד“. נעמט די פאָרם פון'ם ווערק. מען דאַרף זיין אַ גרויסער ווערסיפיקאַטאָר און אַ אונגעוועהנליכער קע־נער פון דער שפּראַך, כדי אָנצושרייבען אזא גרויסע פּאָעמע אין פערזען, האַלטענדיג זיך די גאַנצע צייט אָן אַ בעשטימטען ריטם. קוקט איהר זיך אָבער צו נעהענטער, בעמערקט איהר דאָסזעלבע, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגען אין „דער קאָמעדיע פון ליעבע“. די פערזען פליסען לייכט, שנעל, אָהן אָנשטרענגונג, אָפט טראָגען זיי זיך מיט אַ משוגענער שנעלקייט, וועלכע איז אמאָל בעטראַכט געוואָרען אלס דער בעדייטענדסטער אטריבוט פון אַ דיכטער. אָבער אָפט שפּרינגען די פערזען איבער שטרויכלונגען און געהילץ מיט'ן קאָפּ פאָרויס, צוטומלענדיג דעם ראַפינירטען געשמאַק: איהר שטויסט זיך אָן אָן אַ געשמאַקלאָזע ווערטער־קאָמבינאַציאָן, אָן אַ שלעכטען פערגלייך, אָן אַן אויסדרוק, וואָס ברייגגט ניט אַרויס דעם

אויטאָר'ס אידעע. איהר טרייסט זיך נאָר דערמיט, אז אויב איהר פאַלט לייכט, הויבט איהר זיך אָבער אויף אויך שנעל. וואָס זאָל מען, למשל, זאָגען וועגען דער קיך־לאַטיין, מיט וועלכער עס פער־ענדיגט זיך „בראַנד"?

„צי קען ניט דער מוטיגער ווילען, quantum Satis, פון'ם ווילען ערוואַרטען אביסעל זעליגקייט?

א שטימע

ער איז deus caritatis (גאָט פון ליעבע)."

„בראַנד" איז ניט פון איין גוס: פאַרהאַן מאַיעסטעטישע אין זייער איינפאַכקייט ערטער, אנדערע זיינען אָבער צו לאַנג (ווי צ. ב. די געשפּרעכען צווישען בראַנד און דעם פאָגט). דער סטיל און טאָן פון דער פּאָעמע איז ניט איינאַרטיג.

אָפט ווערט דער דיכטער אַן אָפּפער פון זיין עמפּערונג; ער יאָגט זיך העגדים־פּעגדים צוזאמען מיט זיין ליידענשאַפטליכען צאָרן און שוואַכט אויף אזא אופן אָב דעם איינדרוק, וועלכען ער וואָלט געמאַכט מיט זיינע ווערטער. ער צווינגט מענשען, פון וועלכע ער־שפּאָט אָב, אז זיי זאָלען איראָניזירען פון זיך אַליין און אָבשמייסען זיך מיט איינענע הענד. אזוי זאָגט דער פאָגט: „איך בין, ווייזט אויס, געריהרט". צווישען איינאַר'ן און בראַנד'ן קומט פאָר אין פינפטען אקט אזא געשפּרעך:

איינאַר

איך בין איצט מיסיאָנער.

בראַנד

וואוהין קלייבסט דו זיך איצט?

איינאַר

צו די נעגרען, אָבער בעסער שווייגען. מיין צייט איז צו טייער.

בראַנד

דו ווילסט ניט אָברוהען? גיב א קוק, מיר האָבען היינט יום־טוב.

איינאַר

ניין, כ'ראַנק דיר; איך דאַרף זיין מיט מיינע שוואַרצע זעע־לען.

מאָלענדיג זיינע מענשען מיט צו געדיכטע פאַרבען, מאַכט זיי דער דיכטער ניט נאַטירליך. ער האָט צו שטאַרק פיינד דאָס בעזע און נאַרישע, ער זאָל קענען איינצאַמען זיך. דער דיכטער איז אויך צו שטאַרק בעגייסטערט. בראַנד האָט אַ רעכט צו זיין בעגייסטערט וויפיעל ער וויל, אָבער קאָמיש איז, וואָס איבסען אַליין נעמט זיך אָן מיט דער בעגייסטערונג פון'ם העלד, און דאָך, ער פערזונדיגט צום סוף פון דער דראַמאַ זיין איינזייטיג־קייט. איבסען האָט בעשאַפען אַ גייסט, מיט וועלכען ער קען ניט פאַרטיג ווערען; בראַנד פּראָפּאַגאַנדירט איבסען'ס אידעען, די דראַמאַ איז איבערגעפילט מיט אידעען. לעזענדיג „בראַנד", האָ־בען מיר דעם איינדרוק, אַז איבסען וויל אַ געשריי טהון דער גאַנ־צער וועלט אין אויער: עס טויג ניט, עפּעס טויג ניט, כ'וויים, אָבער וואָס איז שלעכט קען איך ניט אייך און ניט זיך זאָגען. דעריבער קלינגען די לעצטע ווערטער פון „בראַנד" ניט איבערצייי־גענד; האָט דאָך „בראַנד" שוין געמאַכט צונישט אַלע טענות און אויך יענע, אַז ער האָט ניט פערשטאַנען, אַז גאָט איז ליעבע. איהר קענט ניט בעשולדיגען בראַנד'ן, ווייל דער שולדיגער איז דער דיכ־טער: האָט ער דאָך געקענט אַזוי פיהרען די האַנדלונג, אַז בראַנד זאָל בעגעגנען אויף זיין לעבענסוועג אַ מוטיגערען, גרעסערען העלד פון זיך אָדער אַזאַ איינעם, וואָס זאָל איהם לעבערליך מאַכען. בראַנד פאָדערט דאָס אונמעגליכע פון אַנדערע, און ער אַליין איז נאָך ניט קיין פאָלקאָמענער מענש. ער וויל, אַז אַנדערע זאָלען זיך אָבזאָגען פון אַלעס, און זיך ערלויבט ער חתונה צו האָבען. ער האָט ניט דעם טיפערען פערשטאַנד און ניט קיין וויזהייט, אָהן וועלכער ס'איז אונמעגליך צו זיין אַ גוטער מענש און דינען דעם גוטען. דאָס אַלץ האָט דער דיכטער ניט בעמערקט, ווייל ער אַליין איז צוטומעלט געוואָרען פון זיין העלד. צייטענווייז איז בראַנד

איינפאך קאמיש, אבער דער דיכטער ערלויבט זיך ניט צו איראָני־זירען פון איהם.

אודאי דארף ניט אן אוטאָר נאָכלויפען טריט ביי טריט זיין העלד און אָבשאצען אלעס, וואָס ער טהוט, אָבער אויב די איינ־צעלנע האנדלונגען פון'ם העלד זיינען אונפערשטענדליכע, אונמאָ־טיווירטע, איז דאָס גאנצע אונלאָגיש און ניט־בערעכטיגט. די פראזע „גאָט איז ליעבע" איז ניט קיין נייע. מיר זיינען צו איהר גאָר ניט צוגעגרייט; מיר פערשטעהען ניט, ווי מיר דארפען זי טייטשען. די פּאָעמע ליידט פון אונמאָטיווירטקייט. אודאי קענען אמאָל די האנדלונגען פון'ם העלד זיין אונמאָטיווירט, ווייל אזא מענש איז דער העלד, און אזוי איז דאָס טאקי, אין'ם פינפטען אקט, ווען בראנד נעהט אוועק מיט'ן המון, וואָס פערלאָזט די שטאָדט. אָבער אין דער דראמא איז כמעט איבעראל דאָסזעלבע; סיי וויכטיגערע, סיי אונבעדייטענדע ערשיינונגען זיינען אונפער־שטענדליך. מיר וואונדערען זיך, לעזענדיג פּלוצלונג פון דער גו־טער, זאנפטער אגנעס אזעלכע טיפזיניגע ווערטער: „דער, וואָס וועט זעהן גאָט'ס אנטליץ, וועט אומקומען". און וואָס עפּעס איילט זיך אזוי שרעקליך בראנד אין'ם ערשטען אקט? ווי קען ער אין'ם פערטען אקט אזוי פיעל ערוואַרטען פון דער נייער קיר־כע? אזעלכע פראגען און פיעלע אנדערע בלייבען אָהן א בעפריי־דיגענדען ענטפער. אין דער דראמא שטויסען מיר זיך אזוי אָפט אָן אָן דעם אונלאָגישען, אז מיר געוואוינען זיך צו פּאָלעמיזירען מיט'ן דיכטער, שטעלען איהם קלאָץ־קשיות. ווען בראנד אָפּפערט זיין קליינעם זוהן, ווערען מיר אזוי אויפגערעגט פון דער אונמענש־ליכער קאָליזיאָן, אז מיר הויבען אָן צו טראַכטען וועגען אן אנ־דער אויסגאנג; מיר האָבען טענות צום אונמענשליכען דיכטער, אונז דוכט זיך, אז בראנד האָט זיך געקענט בלייבען אין די בערג, אָבער דאָס קינד האָט ער דאָך געקענט לאָזען אין א ווארימערער געגענד.

די אלע שוואכקייטען אין דער קאָמפּאָזיציאָן פון „בראנד" ער־קלערען זיך לייכט דערמיט, וואָס „בראנד" איז א קאָפּ־זאך. דאָס,

וואָס דער דיכטער מאָטיווירט ניט געוויסע האנדלונגען, האָט זיך אָן אורזאכע. אָפט פאָדערט איבסען׳ס גרונד אידעע, אז אין דעם און דעם אקט זאָל געשעהן עפּעס אונמאָטיווירטעס, אָבער אזוינס, וואָס האָט א סימוואָלישע בעדייטונג. דאָס, וואָס רעאליסטיש בע־טראכט, איז ניט מעהר, ווי אָן איבריגער עפּיזאָד, אָן אונפּאָלשטענ־דיגער עפּיזאָד, האָט גאָר אָן אנדער זין, ווען מיר פערשטעהען עס סימוואָליש. איבסען׳ס סימוואָליק אין „בראנד" איז טיף, אָבער ניט קלאָר. אייניגע סימוואָלען זיינען אָבער אזוי אונגעוועהנליך, זיי דריקען אזוי מייסטערהאפט אוים א טיפע אידעע, אז מיר הערען זיך אויף צו ערגערען, וואָס זיי זיינען אזוי ניט קלאָר.

„בראנד׳ס" ערפאָלג אין דענעמארק האָט געגעבען איבסען׳ען א שטוים צו פערעפענטליכען אין 1862 א נייע דראמא: „די קאָ־מעדיע פון ליעבע". דער נאָמען איז אביסעל פּרעטענציעז, אָבער ער פעראינטריגירט. די דראמא איז מעהר ווי א בייסענדע סאטי־רע אויף דעם טאָג־טעגליכען לעבען פון די נור וואָס פערהייראטע פּאָרלעך. איבסען וויל צונעמען דעם תוך פון יעדער ליעבע. לויט זיין מיינונג, איז ליעבע אָדער בעשטענדיג, ווי א געוואוינהייט, אָדער מעכטיג, נור צינדט זיך אָן נור אויף א מינוט; ער איז אָדער פאנ־טאסטיש אָדער אינערליך הויל; זי איז טויט, ווי א שטיק ערד אָדער צוזעהט זיך, ווי א זייפענבלאָז. שוין דאָס ערשטע לידעל פון׳ם געליבטען פאלק, וואָס איז פול מיט פערצווייפלונג, גיט דעם טאָן דער גאנצער פּאָעמע. עפּעס טרויריג־שווערעס הענגט איבער דער פּאָעמע פון׳ם גוטען, פרעהליכען אָנהויב ביז׳ן סוף, וועלכער איז אגב גאנץ שווער פערשטענדליך: די געליבטע צושיידען זיך אין דערזעלבער מינוט, ווען זיי געפינען איינער דעם אנדערען דער־פאר, וואָס זיי גלויבען ניט, אז זייער ליעבע וועט האָבען א בע־שטאנד. דאָס איז אזוי וועניג מאָטיווירט, ווי אלעס אין „בראנד". די פּיעסע איז צו פּאָלעמיש; דאָס איז גאָר קיין דראמא ניט. די פּערזאָנען דעקלאמירען און טהוען גאָרניט. זיי רעדען ניט, ווי פּשוט׳ע מענשען, נור פּראָקלאמירען טיפע געדאנקען און פערשי־טען איינער דעם אנדערען מיט א האָגעל פון ווערטער; און די

ווערטער זיינען ניט פּאָלירטע, ראפינירטע, נור שרייערישע, רויע, טומעלירישע, וואָס ווירקען אויף'ן אויער מעהר, ווי אויפ'ן הארץ. פאלק אליין איז אן אמת'ער עראזם מאָנטאן; עס בעט זיך שטארק צו איהם א קאפּראל־שטעקען. מיט אמת'ע און טיפע ווערטער ווענדט זיך צו איהם זיין געליבטע:

„איך האָב דערזעהן אייך ניט ווי א פאלקען, נור ווי א שלאנג, א פּאָעטישע שלאנג פון פאפיר, וואָס האָט ניט קיין אייגענעם איך: דער עיקר אין איהם איז דאָס שנירעל.

„אזוי זייט איהר אָהנמעכטיג געלעגען מיר צו די פיס און געבעטען זיך: „אָך, גיט מיר א שטויס צום אָסט אָדער ווערסט צו, אבי לאָזט מיך פליהען אין ווינד מיט מיינע לידער און זאָל אייך ניט ארען, וואָס מוטער און שוועסטער ווערלען אייך זידלען".

פאלק האָט געקענט ווערען אן אנדערער מענש, אָבער דאָס גוטע אין איהם איז פערבליהט געוואָרען, ניט צובליהענדיג זיך און גאָרניט איז געשעהן מיט איהם. די פּאָעמע איז שפּילעריש און שארפזיניג, האָט טיפזיניגע פערגלייכען, בייסענדע ווערטלעך, קורצע, שארפע רעפּליקען, אָבער דאָס אלץ שטערט אונז ניט צו בעמערקען דעם גרויסען פעהלער פון דער דראמאַ: זי איז אונלאָגיש, אונזיניג, אין ווידערשפרוך מיט דעם געזונדען מענשען פערשטאנד. דאָס גוטע אין דער דראמאַ מאכט בולט'ער איהר אונפערבעסערליכען גרונדפעהלער.

IV

די מייסטע פעהלערען פון דער נייעסטער נאָרוועגישער שולע נעמען זיך דערפון. וואָס זי שטעלט זיך צופיעל אויפגאַבען. זי איז צו טענדענציעז, צו אָנגעשטרענגט; מען לאָזט ניט לויפען די פאנטאזיע, וואוהין איהר ווילט זיך, נור מען הייסט איהר בעווענען זיך אין א בעשטימטער ריכטונג. די גרויסע קינסטלער זיינען ניט טענדענציעז, זיי האָבען ניט קיין בעשטימטע כונה, ווען זיי צייכנען, שרייבען, קאָמפּאָנירען. זיי טהוען דאָס ספּאָנטאַן,

אַהן חקירות, ווי מאַצארט, ווען ער האָט געשריבען זיין דאָן־זשואַן. איבסען שרייבט בעוואוסטזיניג; אויף וויפיעל דער ווילען האָט אויף איהם א שליטה, קען מען זעהן דערפון, וואָס ער האלט אין איין חקירה׳ן. רעדענדיג וועגען איבסען׳ען, דערמאָנט איהר זיך באלד אָן׳ם וואָרט אידעע. דאָס, וואָס איהר מוזט רעדען וועגען אידעען, רעדענדיג וועגען א דיכטער, איז א שלעכטער סמן. איב־סען׳ס אינהאלט איז זיך א בעזונדערע זאך, און די פאָרם איז אן אנדערע זאך; ער זעהט צו געפינען א פאָרם פאר זיינע אידעען, זיי אליין האָבען ניט קיין בעשטימטע פּאָעטישע פאָרם. איבסען׳ס פּערזאָנען זיינען אבסטראקציאָנען; עס פיהלט זיך אין זיי ניט קיין לעבען. עס ווילט זיך נעהמען אין האנד א סטערעאָסקאָפּ, כדי בעסער צוצוקוקען זיך צו די דאָזיגע פיגורען. עס פעהלט אינספּי־ראציאָן דעם דיכטער, און דעריבער טאקי האָט ער אזוי ליעב דאָס אבסטראקטע, דאָס סימוואָלישע. דערמיט ערקלערט זיך, וואָס אין זיינע דראַמען דרעהען זיך ארום אבסטראקטע געשטאלטען, וואָס פערקערפּערען געוויסע אייגענשאפטען פון לעבעדיגע מענשען. פו־ריא פון „קאטילינא“ איז ניט נור זי אליין, זי האָט אין זיך עלע־מענטען פון א אנדער נאטור; דאָס זעלבע קען מען זאָגען וועגען הערדא׳ן („בראנד“). אויב דער בישאָף ניקאלאס אין „די פּרע־טענדענטען אויף׳ן טראָן“ ווערט געמאלט אזוי אונמעגליך, אזוי אבסטראקט, איז דאָס ניט דערפאר, וואָס איבסען וויל ווירקען אויף די נערוועזן אונזערע, ווי אנדערע קריטיקער מיינען, נור ניכער דער־פאר, וואָס ער קען ניט בייזשטעהן דעם נסיון צוצוגעבען א גראנ־דיעזען כאראקטער א מענשען, פערוואנדלענדיג איהם פון א מענש אין א פּרינציפּ.

אין איבסען׳ס מאניר איז דאָ עפּעס טרוקענעס, מאָגערעס, סכעמאטישעס. דער דיכטער איז צו סימעטריש, און איז צייטענ־ווייז אזוי אונפּאָרזיכטיג, אז מיט אייגענע הענד מאלט ער איבער לעבעדיגע געשטאלטען אין טויטע בעגריפען און דער איינדרוק איז, אז מתים האָבען זיך געלאָזט טאנצען, פּלוצלונג איז פון די לייבער אָבגעקראָכען די הויט און עס דרעהען זיך ארום הוילע געביינער.

דער ערשטער אקט אין „בראנד“ ענדיגט זיך, צום ביישפּיעל, אזוי:
„ווער לויפט עס שטורמיש פאָרויס, אלץ מעהר דערווייטערענ־
דיג זיך פון שטילען היים און גוטען פרידען, — איז דאָס דער
ל י י כ ט ז י ן מיט'ן בלעטער קראנץ אויף'ן שטערען, וואָס געהט
שפּילענדיג איבער'ן אָבגרונד, אָדער א פּ א ט י ע, וואָס שלעפּט
זיך פויל איבער'ן אויסגעטראָטענעם וועג, ווייל דאָס פאָדערען די
זיטען און מנהגים, אָדער מ ש ו ג ע ת, וואָס נאָלאָפּירט אזוי
שנעל, אז אפילו דאָס בעזע, וואָס זי בעגעגענט אין וועג, שרעקט
איהר ניט? — אין קאמפף טראָץ אלעמען, אין אונרחמנות'דיגען
קאמפף אנטקעגען זיי אלע דריי!“
פערשוואונדען זיינען דאָס יונגע פּאָרעל, דער פויער און הער־
דע: אנשטאט די לעבעדיגע מענשען טויטע קאטעגאָריען; לייכט־
זין, אפּאטיע, משוגעת.

דאָס וואָס איבסען האָט ליעב צו חקירה'ן זיך, פערשארפט זיין
דיאלאָג, אָבער גיט איהם צו א סענטענציעזען כאראקטער. נעהמט,
צום ביישפּיעל, אזעלכע רעפּליקען: „דיכטען! ניין, נעכטען האָב
איך נאָך געקענט, היינט בין איך שוין צו אלט!“ („פעלדהעררען“).
אָדער: „א מענש קען אומקומען, פערטיידיגענדיג א פרעמדע זאך,
אָבער איז איהם בעשערט צו לעבען, מוז ער לעבען צוליב זיין איי־
גענער זאך“. („פּרעטענדענטען“). אזעלכע שארפע אפאָריזמען
האָט איבסען אָפט; אָבער א צרה איז, אז אויב דער אויטאָר ער־
לויבט זיך צו זאָגען אפאָריזמען, האָט אויך דער צושויער דאָס רעכט
צו ענטפערען איהם, זאָגען זיך זיינע אייגענע אפאָריזמען און דאָס
דראמאטישע שטיק האָט שוין ניט די ווירקונג, וואָס עס האָט גע־
קענט האָבען. אויף צושויער ווירקט חקירה בכלל זעהר שלעכט.
און אפילו ווען איבסען פערגעהט ניט אזוי ווייט, ווי אין דעם
פאָכט'ס אָדער איינאר'ס רעפּליקען אין „בראנד“, צווינגט ער זיי־
נע פערזאָנען אָבער שטענדיג צו רעפלעקטירען, זאָגען מיינונגען,
און די דאָזיגע רעפלעקסיאָנען און חקירות זיינען אָפט באנאלע,
צו באנאלע, צו אונבעשטימטע, אזעלכע וואָס לאָזען זיך זאָגען אין
טויזענדער פאלען, — און חקירה'ן צוחקירה'ן זיך די מענשען גראָד

דאמאָלס, ווען זיי וואָלטען געדאַרפט זיין, דונט זיך, פערנומען נור מיט זיך, מיט זיך אליין, מיט דעם, וואָס עס געשעהט מיט זיי איצט, אין'ם געגעבענעם מאָמענט.

נעמט, צום ביישפּיעל, אזעלכע רעפּליקען אין „די פּרעטענ־דענטען":

קעניג סקולע

פערשוואונדען זיינען די ערינערונגען פון די אַמאָליגע צייטען — ס'אַרט העריליכע ערינערונגען — איך האָב אַלץ פערגעסען.

אינגעביאָרג

פ ע ר ג ע ס ע ן   א י ז   ד ע ם   מ אַ ן ' ס   ר ע כ ט.

קעניג סקולע

און דאָך ביסט דו, אינגעביאָרג, דו איבערגעבענע, ליבענדע פרוי, געזעסען אין קאַלטען צפון אין דער שרעקליכער איינזאַמקייט, געדענקסט אַלץ און גאָרניט פערגעסען.

אינגעביאָרג

א י ן ' ם   ג ע ד ע נ ק ע ן   א י ז   ד ע ר   פ ר ו י ' ס   ג ל י ק.

די אַפאָריזמען זיינען פּאָעטיש, אָבער סענטענציעז. קלאָר דערצעהלט אונז שפּעטער דער דיכטער, וואָס פאר א מוסר השכל מיר דארפען ארויסטראָגען פון דער בעגעגעניש, ווען ער לעגט אריין אינגעביאָרג'ן, וואָס פערלאָזט די סצענע, פאָלגענדע ווערטער:

„ליעב האָבען, אָפּפּערען מיט אלץ און ווערען פערגעסען — דאָס איז דער פרוי'ס שיקזאל".

אָבער צייטענווייז, צום גליק, פערגעסט איבסען אָן זיינע אי־דעען און חקירות; איהם גיט זיך איין אריינצודרינגען אין דער טיפעניש פון'ם מענשליכען הארץ און מאָלען לעבעדיגע, קאָנקרעטע געשטאלטען, וועלכע בעפרידיגען אונזערע שטרענגסטע רעאליסטי־שע אינסטינקטען. בעזונדערס גוט גיבען זיך איהם איין די פרויען־געשטאלטען; עס מוז זיין דערפאר, וואָס די פרוי איז נאָהענטער פון'ם מאַן צו דעם אינסטינקטיווען, געהיימניספול־מוטערליכען אין דער נאטור; די פרוי לאָזט זיך ניט אנאליזירען ראציאָנאליסטיש. פאָרטרעפליך בעשרייבט אויך איבסען די בעציהונגען פון קינדער

צו עלטערען: זיי זיינען צו סטיכיש, אז דער דיכטער זאָל זיך קע־נען ערלויבען אָנצוריהרען זיי מיט דער שארף פון זיינע ראציאָנאַ־ליסטישע נייגונגען. פון אַלע זיינע פערזאָנען האָט זיך נור איינער, דער שטרענגער בראנד, ערלויבט צו זיין רויה צו זיין מוטער. מיים־טערהאפט איז דאָס דאָזיגע פיעטעטסגעפיהל אויסגעדריקט אין דער געשטאַלט פון נילס סטענסאָן („פרוי אינגער פון עסטראָט"). אנט־קעגען זיין מוטער, ווי זי ענטפּלעקט זיך איהם פלוצלונג, פיהלט ער זיך אונבעדייטענד, נישטיג, אָבער ער וויל זיין א ווירדיגער זוהן פון זיין מוטער און דער דאָזיגער וואונש דערהויבט דאָס אינ־געל צום מאַן. מיט געפיהל מאָלט איבסען אין „די פּרעטענדענ־טען אויף'ן טראָן" די ליעבע פון אינגא צו האָקאָן, די ליעבע פון דער קעניגליכער מוטער, וועלכע שטאָלצירט מיט איהר „גרויסען זוהן"; פּעטער האָט גרויסע עהרפורכט צום פאָטער דעם קעניג. אָבער אויך אין דער בעשרייבונג פון דער קינדערליעבע, ווי פון דער ליעבע פון מאַן צום ווייב רעזאָנירט דער דיכטער צו פיעל אויף'ן חשבון פון געפיהל. אָפט מישט איבסען אריין אין דער ליעבע, וועלכע ער מאָלט, א שטארקע דאָזע פון ענטציקונג און יראת הכבוד. די פרויענליעבע ביי איבסען'ען איז די ליעבע פון דער פרוי צו דעם רוהם, וועלכען דער מאַן האָט ערוואָרבען אָדער דארף ערווערבען (עלינע אין „פרוי אינגער", יאָרדאס אין די „פעלד־הערערן אין העלגאָלאנד", אינגעביאָרג אין „די פּרעטענדענטען"), אָבער אויב ס'איז ריכטיג, אז ענטציקונג, פערעהרונג און יראת הכבוד זיינען עלעמענטען פון ליעבע, יעדענפאלס פון דער פרויען־ליעבע פון'ם ניינצעהנטען יאָהרהונדערט, מוזען מיר אָבער ניט פער־געסען, אז אזא ליעבע איז ניט קיין סטיכיש געפיהל, נור א פּראָ־דוקט פון פערשטאנד. אין א נאַטירליכער, סטיכישער ליעבע, וואס איז פריי פון חקירה, שפּילט עהרפורכט און ענטציקונג קיין שום ראָל ניט. שעקספּיער'ס יוליא האָט ניט קיין עהרפורכט צו ראָ־מעאָ'ן, זי האָט איהם פשוט ליעב. עטליכע מאָל האָט זיך איב־סען'ען איינגעגעבען צו מאָלען א שטארק, אונסאָפיסטרירט גע־פיהל, א גרויסע ליידענשאפט אין דער גאנצער אונמיטעלבארקייט

און טיפקייט איהרער, אין איהר פער'חלומ'טקייט, וואָס לאַכט זיך אויס פון יעדער לאָגיק און ארגומענטען.

נעמט, צום ביישפיעל, דעם דריטען אקט פון „פרוי אינגער פון עסטראָט". מיר ווערען ערשטוינט פון דער אויפריכטיגקייט, אמת'דינקייט און טיפקייט, מיט וועלכער איבסען בעשרייבט אין'ם געשפרעך צווישען נילס לוקע און עלינע, ווי אין'ם פרויען־הארץ ווערט געבאָרען די גרויסע ליעבע. דאָס איז א מייסטערהאפטע סצענע, ניט קוקענדיג אויף די איינצעלנע געשמאַקלאָזע ערטער. דאָס יונגע מיידעל האָט מיט דעם גאנצען פייער פון איהר שטאָלצען הארץ פיינד דעם מענשען, וואָס שטעהט נעבען איהר, יעדענפאלס וויל זי איהם פיינד האָבען, אָבער וואָס מעהר ער רעדט, צינדט זיך פון יעדען וואָרט זיינעם שטארקער די ליעבע אין איהר הארץ. דאָס געשפרעך פערענדיגט זיך אזוי:

נילס לוקע

. . . מיר וועלען זיך מעהר ניט זעהן, ווייל איך פאָהר אוועק פאר בעגינען. ערלויבט מיר דעריבער צו געזעגענען זיך מיט אייך.

עלינע

אדיע, הערר ריטער!

נילס לוקע

איהר האָט זיך ווידער שטאַרק פערטראַכט, עלינע גולדענלעווע. זייט איהר פערטרויערט פון'ם שיקזאַל פון אייער פאָטערלאַנד?

עלינע

מיין פאטערלאנד? — איך טראַכט ניט וועגען מיין פאָטערלאַנד.

נילס לוקע

שרעקט אייך די איצטיגע צייט, וואָס ברענגט אזוי פיעל צער און קאָמפף?

עלינע

די איצטיגע צייט? — איך האָב פערגעסען גאָר אָן איהר. — איהר פאָהרט קיין דענעמאַרק? — איהר האָט, דוכט זיך, גערעדט דערפון?

נילס לוקע

איך פאָהר אוועק קיין דענעמאַרק.

עלינע

קען איך זעהן דענעמארק פון דעם דאָזיגען זאל?

אזוי רעדט די ליעבע.

אָדער נעהמט „די פרעטענדענטען אויף'ן טראָן". האקאָן איז אויסגעקליבען פאר א קעניג, ער מוז זיך צושיידען מיט קאנגא, זיין געליעבטער, און נעמען א ווייב. פאָליטישע חשבונות צווינגען איהם אויסצוקלייבען זיך פאר א ווייב מארגארעטע'ן, סקולע'ס טאָכטער, וועלכע האט איהם שוין לאנג ליעב. וואָס קען זיין הערליכער פון די דאָזיגע רעפליקען:

האָקאָן (הייס)

יאַרל סקולע, פון'ם היינטיגען טאָג נעם איך ביי אייך צו דאָס קעניגרייך, אָבער — כ'בעט אייער טאָכטער צו טיילען מיט מיר דעם טראָן.

סקולע

מיין טאָכטער?

מארגארעט

א, גאָט!

האָקאָן

מארגארעט, זייט איהר איינפערשטאַנדען צו זיין קעניגין?

מארגארעט (שווייגט)

האָקאָן (נעהמט איהר פאר דער האנד)

ענטפערט מיר.

מארגארעט (שטיל)

מיט פרייד בין איך גרייט צו זיין אייער ווייב...

האָקאָן (דערנעהנטערט זיך צו מארגארעט)

א ווייזע קעניגין קען טהון פיעל גרויסעס פאר איהר לאנד, אייך קען איך זיך רוהיג פערטרויען, ווייל איך ווייס: איהר זייט קלוג.

מארגארעט

גיט מעהר!

האָקאָן

וואָס האָט איהר דערמיט געמיינט?

מארגארעט
גאַרנישט, קעניג, גאַרנישט.

האָקאָן
און אייך פערדריסט ניט, וואָס איהר זאָגט זיך אָב פון ליכטיגערע האָפנונגען צוליב מיר?

מארגארעט
איך האָב זיך ניט אָבגעזאָגט פון ליכטיגערע האָפנונגען צוליב אייך.

האָקאָן
און איהר וועט לעבען אין פרידען מיט מיר און געבען מיר גוטע עצות?

מארגארעט
איך וואָלט געוואָלט לעבען אין פרידען מיט אייך.

האָקאָן
און געבען מיר גוטע עצות. איך דאַנק אייך. יעדער מאַן נויטיגט זיך אין'ם ראַט פון דער פרוי.

מיט די דאָזיגע וואונדערבארע, שענע שורות קען זיך פערגלייכען נור איבסען'ס בעשרייבונג פון אגנעס'עס ליעבע צו איהר טויטען קינד אין „בראנד"; די סצענע האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער וועלט ליטעראטור. אלע געהיימניסען פון מוטערליכער ליעבע, וועלכע א מאַן קען, דוכט זיך, גאָרניט פערשטעהן, אלע איהרע עקסטאזען, וואָס גרענעצען אָן משוגעת, ווערען בעשריבען פון'ם דיכטער מיט לײדענשאפט און אונגעוועהנליכער אויפריכטיגקייט, וועלכע ווירקט אויף אונז נאָך דערפאר בעזונדערס שטארק, וואָס „בראנד" האָט לויט זיין קאָנסטרוקציאָן און טעמע, אזוי ווענ־ניג צו טהון מיט ליעבע. ווער קען אָהן ריהרונג לעזען די סצענע, ווי אגנעס קלייבט איבער די קליידער פון'ם פערשטאָרבענעם קינד, אָדער ווי זי שטעלט א ליכט אויף'ן פענסטער, כדי אויף'ן פער־שנייטען קבר פון איהר קינד זאָל ליכטיג ווערען און איהר הייס־געליבטער זאָל האָבען אביסעל וויהנאכטס־פרייד. די סצענע איז געשילדערט אזוי שטארק, אז אונז דוכט זיך, דאָס מיר זעהען מיט אונזערע אייגענע אויגען אָן אָפנעם, מיט העלען ליכט בעשיינטען

פענסטער, א שנייאיג פעלד, ווארעם ליכט, וואס פאלט אויף א קבר און העלע, גליהענדיגע אויגען פון א מוטער, וואס בעזעגלען א בלייך, קאלט, האלב־טויט געזיכט. ניט ווילענדיג פרעגען מיר דעם אור־טאר: צי ביסטו א פרוי, וואס דו קענסט אזוי גוט אלע בויגען פון א פרויען־הארץ?

דאס, וואס איבסען איז פעהיג צו מאלען אזעלכע פרויען־גע־שטאלטען, איז א גוטער סמן פאר איהם, דערוועקט אין אונז האפ־נונגען, אז שוין דערנעהענטערט זיך יענעם „זומערקעניגרייך פון לעבען", נאך וועלכען בראנד האט מיט אזוי פיעל ליידענשאפט גע־דענקט אויף'ן טויטענבעט און זוכה וועט זיין דער דיכטער אליין אין גיכען זיך איינצובירגערן אין דעם דאזיגען קעניגרייך. אבער דאס וועט מעגליך זיין פאר איהם נור דאמאלס, ווען ער וועט אוועק־געהן פון יענעם וועג, אויף וועלכען ער איז געגאנגען, שרייבענדיג „די קאמעדיע פון ליעבע" און „בראנד".

V

ניט לאנג איז ערשינען „פיער גינט" איבסען'ס. די דאזיגע זאך דערמאנט אונז אן די פריהערדיגע צוויי פאלעמישע פאעמען איבסען'ס. דער סוזשעט איז גענומען פון אן אלטער נארוועגי־שער פאלקס־מעשה. אין אסביערנסאן'ס מערכען ווערט דערצעהלט אזא געשיכטע: אין די אמאליגע אלטע צייטען האט געלעבט פיער גינט, וועלכער האט זיך ארומגעדרעהט שטענדיג איבער די בערג, שיסענדיג בערען און הירשען. איינמאל אין הערבסט איז פיער געגאנגען איבער די בערג, ס'איז שוין געווען שפעט, די מענשען זיינען זיך געזעסען אלע אין זייערע ווארימע שטיבער און פיער האט בעגעגענט נור דריי הירטען־מיידלעך, וואס האבען געלעבט א גוטען טאג מיט די טראלען. פיער איז ארויפגעשטיגען צו זיך אין שטוב, ס'איז געווען זעהר פינסטער און פלוצלונג האבען די הינד אנגע־הויבען צו בילען, אזוי אז איהם איז געווארען שווער אויף'ן הארץ. פיער האט זיך דערשראקען: ער האט זיך אנגעשטויסען אויף עפעס,

ער האָט דערפיהלט, אַז דאָס איז עפּעס קאַלטעס, גרויסעס, גלי־טשיקעס. ער האָט ניט געקענט פערשטעהן, וואָס דאָס קען זיין. „וועד איז דאָס?" האָט ער געפרעגט. „אַ־אַ, דאָס איז ער, דער הויקערדיגער!" איז געוועזן דער ענטפער. גינט איז אַביסעל אָב־געטראָטען אין דער זייט, רעכנענדיג אויסמיידען אויף אַזאַ אופן דאָס שרעקליכע בעשעפעניש, אָבער באַלד שטויסט ער זיך ווידער אָן עפּעס אָן און פיהלט, אַז דאָס איז עפּעס גרויסעס, קאַלטעס און גליטשיגעס. ער פרעגט דיזעלבע פראַגע, און בעקומט דעמזעלבען ענטפער. ווידער וויל ער אויסמיידען דאָס שרעקליכע בעשעפעניש, אָבער דאָס גיט זיך איהם ניט איין. אַ שטימע זאָגט: „אַ־אַ, דאָס איז דער גרויסער הויקערדיגער!" פּיער הויבט אָן צו שיסען און פערטרייבט דאָס בעשעפעניש, ניט טהוענדיג איהם אָן קיין שום שאָדען. דערזעלבער פּיער האָט אָפט צוזאַמענשטויסען מיט טראָלען און אַנדערע וואַלד־גייסטער; ער פערטרייבט די טראָלען, וואָס לעבען צוזאַמען מיט די הירטען־מיידלעך, ער צושטערט אין דאָווּרע אַ הויז מיט די טראָלען־רייכטימער, און ענדליך ווערט וועגען איהם געזאָגט: „דער דאָזיגער פּיער גינט איז געוועזן אַ וואונדערבארער מענש, ער האָט געקענט זעהר שעהן דערצעהלען מעשיות און פיינע ליגענס זאָגען. ער פלעגט שטענדיג פערזיכערען, אַז ער האָט גע־נומען אַנטייל אין פערשידענע אוואַנטיורען, וואָס זיינען געשעהן נאָר אין די גאָר־אַלטע צייטען". אין די פאָלקס־מערכען האָבען מיר נור וואונקען און צואוואָרפענע בעמערקונגען; פון די פראַג־מענטען האָט איבסען מיט אַ מייסטער־האַנד אויפגעבויט אַ קאָמ־פּליצירטע פּאָעמע.

אין „פּיער גינט" זעהען מיר דעם מענשען, די מענשען־נאַטור פון דער שלעכטער זייט. איבסען וואַרפט אויף פּיער'ס אַקסלען אַרויף אַלע מענשליכע פעהלערען. אין תוך אָבער קען איהם איבסען ניט פערגעבען איינס, דאָס, נעמליך, וואָס ער וויל אויף די פליגלען פון פאַנטאַזיע דערהויבען זיך איבער'ן אַרומיגען לעבען, מיט פאַנ־טאַסטערייען פערטרייבען פון זיך די האַרבע, רעאַלע ווירקליכקייט. דאָס דעמאָראַליזירט פּיער'ן; פערטרייבענדיג פון זיך אַלע ערנסטע

און בעדייטענדע, אַבזאָגענדיג זיך פון קאמפף און דער נויטיגקייט עפּעס צו ענטשיידען, ווערט דער מענש פערגליווערט אין דער בע־גרענצקייט פון זיין אייגענעם עגאָאיסטישען איך. דאָס, וואָס שאָך בעשרייבט אין זיינע „פאַנטאזיערען“ אלס קראנקהייט, ווערט פון איבסענ'ען בעטראכט פאַר א זינד. מיט א שווערד אין האנד, פאלט איבסען אין דער פּאָעמע אָן אויף דער נייגונג, וועלכע ווערט פער־דאמט נאָך פון געטע'ס צייטען אָן. קירקעגאָרד כאראקטעריזירט זי „אלס נאטירליכען און פּרעהליכען צייטפערטרייב אין געגענזאַץ צום מאָראַלישען“. פּיער גינט איז די פערקערפּערונג פון א פיינען עגאָ־איזם; ער נארט זיך און אנדערע. ווי אראָם האָמאָ פאלט ער אַלץ טיפער און טיפער און ענדליך (שוין צו דאָקטרינגער!) ווערט ער אויסגעלייזט א דאנק דער פרוי, וועלכע האָט שטענדיג געהאָפט און געגלויבט און געליעבט איהם, ניט קוקענדיג אויף זיין נישטיג־קייט. פּיער האָט געזינדיגט, אָבער זי האָט אין משך פון יאָהרען אָבגעהיט זיין ריינע, אידעאלע געשטאלט, די געשטאלט פון'ם אי־דעאלען פּיער, פון יענעם פּיער, ווי ער האָט געדארפט זיין.

וויפיעל קרעפטען זיינען פערשווענדט געוואָרען אויף דער אונ־דאנקבארער טעמע! אבסטראהערט מען פון דעם פערטען אקט, וועלכער איז גאָרניט פערבונדען מיט די פריהערדיגע, האָט רויהיי־טען אנשטאט איראָניע, איז ניט וויציג און אין'ם לעצטען טייל זיי־נעם גאנץ אונפערשטענדליך, מוזען מיר זאָגען, אז אפשר האָט איבסען אין קיין דראמא זיינער ניט צושאָטען אזעלכע טיפע גע־דאנקען און אזוי פיעל פּאָעטישע פּערלען, ווי אין „פּיער גינט“.

דער ערשטער אקט פון „פּיער גינט“ איז א הערליכע, לעבעדיגע הקדמה צום ווערק, וועלכע האָט ניט אין זיך יענע האלב־סימבאָ־לישע, האלב־אלעגאָרישע איראָניע, וועלכע פערדערבט די ווייטער־דיגע אקטען; די בלעטלעך אָטמען מיט א קרעפטיגער פאנטאזיע און פרעהליכער שטיפערישקייט, וועלכע פערכאפּט און דערוועקט א ליידענשאפטליכען חלק צו זעהן, וואָס ווייטער וועט זיין. דער צווייטער אקט איז א שוואכערער, און דאָך בעצויבערען אונז די לירישע שענהייטען, וואָס זיינען דאָרט צוזעהט. דער דריטער

אקט איז הערליך פון אָנהויב ביז'ן סוף; ער צייכענט זיך אויס מיט רייכקייט פון פאַנטאַזיע, טיפקייט פון געפיהל, און א טרויעריג־ראָמאַנטישער שטימונג, וואָס דריקט זיך בעזונדערס שטאַרק אויס אין די סצענען, וואָס בעשרייבען סאָלוויינ'ס קומען צו פּיער'ן אין די לעצטע מינוטען פון פּיער'ס מוטער. אין'ם פינפטען אקט איז פאַרהאַן איין אונגעוועהנליך שענער פּאָעטישער פּערעל: דאָס איז דער הספד פון'ם פּאַסטאָר אויף'ן עהרליכען אָרימאַן, א מענשען, וועלכער האָט זיין גאַנצען לעבען ערפילט פּליכטען, בלייבענ־דיג אין די גרענעצען פון אַן ענגער, שטיקענדער וועלט־אַנשויאונג און קען בעטראַכט ווערען אַלס דער אַנטיפּאָד פון פּיער גינט'ן. אין ־עמזעלבען אקט בעגעגענען מיר נאָך אַנדערע שעהנע און טיפע ערטער, אָבער דאָס שווערע אַלעגאָרישע געוואַנד צודריקט די ליע־בע פאָרמען פון דיכטונג און די שעהנסטע ווערטער און געמעלען פערלירען זיך אין'ם ארומיגען נעבעל.

עס וואָלט געווען פאַלש צו לייקענען, אז אין „פּיער גינט“ זיינען פאַראַן שענע ערטער, ווי אויך דאָס, אז אין דער דראַמאַ ווערען געפּרעדיגט גרויסע אמת'ען; אָבער אמת'ען און שענהייטען האָבען א קלענערע בעדייטונג, ווי דאָס אמת'ע און שענע אין איינ־צאָהל. איבסען'ס פּאָעמע, אַלס גאַנצע, איז ניט אמת און ניט עפּעס שענעס; פּעראַכטונג און פיינדשאַפט צו מענשען, אויף וועלכע „פּיער גינט“ איז געבויט, זיינען א שלעכטער באַזיס פאַר'ן פּאָע־טישען געבוי. דעם דיכטער'ס וועלט־אַנשויאונג איז פול מיט פער־ביטערונג און בייזקייט; עס וואונדערט דיך, וואָס דער דיכטער קען האָבען א פערגניגען פון אזא שרעקליכער לעסטערונג פון דער מענשליכער נאַטור! איבסען ערלויבט זיך צו פיעל, ער געהט ארי־בער די גרענעצען פון'ם ערלויבטען. רעדענדיג וועגען מאָראַליס־טען־דיכטער, זאָגט טען ערגעץ אזעלכע ווערטער: „דער מענש איז ניט קיין אויסוואורף אָדער מאָנסטר; עס איז ניט די אויפגאַבע פון'ם דיכטער צו לעסטערען דעם מענש. אונזערע אונפאָלקאָמענ־הייטען זיינען נאַטירליך; דאָס, וואָס מאַכט אויף אונז דעם איינ־דרוק פון מיאוסקייט, איז א פאָרם; דאָס, וואָס איז, דוכט אונז, א

פערניינונג פון געזעץ, איז אין תוך א מאניפעסטאציאָן פון געזעץ".

דאָס הייסט, אז דער דיכטער האָט זיך זיין אויפגאבע, ער איז ניט פאמפלעטיסט, ער דארף ניט צו־נישט מאכען דעם מענש, ווי איבסען טהוט עס אין׳ם פערטען אקט פון זיין פאָעמע; דאָס הייסט נאָך, אז דער דיכטער האָט זיך זיין ראָל, און דארף ניט שפּילען די ראָל פון א מאָראַליסט. ער מעג זיך האָבען זיין אייגענע פילאָסאָ־פיע און זי דארף נאָרניט זיין אויסגעדריקט אין אן אָנגענומענער אקאדעמיש־פילאָסאָפישער פאָרם, אָבער די פילאָסאָפיע פון׳ם דיכ־טער דארף איהם פערוועהרען צו זאָגען מוסר, ווערען דרשן, מאָ־ראליסט. א מאָראליסט איז א מענש, וואָס גרינדעט אבסטינענץ־געזעלשאפטען און מיינט, אז ער האָט אויפגעטהון עפּעס גרויסעס, אויב איהם האָט זיך איינגעגעבען ארויפצופיהרען אויף׳ן ריכטינגען וועג דעם זינדיגען מענש. דער פילאָזאָף איז א טיפערער מענש: ער פרעגט זיך, צי שכור׳ט ניט דער זינדיגער פויער טאקי דערפאר, וואָס ער וויל זיך פערגעסען, אזוי ווי מיר פערגעסען זיך, אריינ־טהוענדיג זיך אין וויסענשאפט און קונסט. ער געהט ווייטער און פרעגט, צי וועלען מיר נאָך ניט ברענגען שאָדען דעם אָרימען פויער דערמיט, וואָס מיר וועלען ארויסרייסען פון זיינע הענד דעם פער־שכור׳ענדען געטראנק. „יאָ, גוט, זאָגט פיער גינט, איינער טרינקט בראנפען, דער אנדערער פער׳שכור׳ט זיך מיט ליגענס". עס איז פערדעכטיג, וואָס דער דיכטער האָט אלץ צו טהון מיט אזעלכע אבסטראקטע בעגריפען, ווי ליגען, פאנטאזיע, אילוזיאָן. ער אטא־קירט זיי אונרחמנות׳דיג; ער איז א מאָראליסט אין׳ם דיכטער־מאנטעל. ווען ער זאָל זיין פילאָסאָף — און א פילאָסאָף דארף זיין יעדער דיכטער! — וואָלט איבסען פערשטאנען, אז לעבען אָהן פאנטאזיע איז אונמעגליך און אויב אילוזיאָן איז אָפט געפעהרליך, איז זי אָבער אָפט אונפערמיידליך, דאָס הייסט, נויטיג, און אָפט טרייסט זי, דערפרעהט און שטארקט אונז, דאָס הייסט, איז נויטיג. אָבער איבסען האָט ניט קיין חשק צו טראכטען אזוי. ער איז אן אנדערער מענש. ער פיהלט זיך בעסער אין דער ראָל פון אפּאָסטאָל און קעמפּפער.

# צווייטער איינדרוק.

(1882)

I

**ווען הענריק** איבסען האָט, זייענדיג אַלט זעקס־און־דרייסיג יאָהר, פערלאָזען נאָרוועגיען און געגאַנגען אין גלות, פון וועלכען ער האָט זיך ביז איצט ניט צוריקגעקעהרט, איז ער געווען דערשלאָגען און פערביטערט. זיינע ביז איצטיגע ערפאַהרונגען זיינען ניט געוועזן קיין פרעהליכע; אין'ם שאָטען פון לעבען האָט ער איבער־געלעבט די יונגענד־יאָהרען. ער איז געבאָרען געוואָרען אין א קליי־נעם נאָרוועגישען שטעדטעל סקיען. זיינע עלטערען האָבען גע־שטאַמט פון גרויסען יחוס. דער פאָטער איז געווען א בעדייטענ־דער סוחר, האָט געפיהרט גרויסע געשעפטען און איז געווען זעהר נאָסטפריינדליך. אין'ם יאָהר 1836 האָט ער באַנקראָטירט. די פאַמיליע האָט זיך געמוזט אריבערציהען אין א קליינע זומער־וואוינונג ניט ווייט פון שטאָדט. די איבסענס האָבען איבערגע־ריסען אַלע זייערע פערבינדונגען מיט די געזעלשאַפט־קרייזען, מיט וועלכע זיי האָבען פריהער געהאט צו טהון. איבסען האָט אויס־גענוצט זיינע קינדישע ערלאינערונגען, בעשרייבענדיג אין „פיער גינט“ דאָס לעבען אין'ם הויז פון'ם רייכען מאַן גינט. ער איז געוואָרען א לעהר־אינגעל אין אַפּטעק. ערשט זייענדיג צוויי־און־צוואַנציג יאָהר אַלט האָט ער זיך גענומען סיסטעמאַטיש לערנען. דאָס איז איהם אָנגעקומען זעהר שווער. ער האָט אויך דאמאָלס ניט געהאט ניט קיין חשק, ניט קיין מיטלען צו נעהמען זיך צו א

ליבעראלען פּראָפעסיאָן. א לאנגע צייט איז ער געווען אזוי פּער־ענגט אין געלד, אז ער האָט ניט געקענט עסען מיטאָג יעדען טאָג. אין שווערען קאמפּף איז פערגאנגען איבסען'ס יוגענד; זיצענדיג אונטער'ן פּאָטער'ס דאך איז ער, ווייזט אויס, געבליבען ניט־בע־שיצט פון דער לעבענס־נויט.

דאָס שפּילט אָבער ניט אזא ראָל אין אזא אָרים און דעמאָ־קראטיש לאנד, ווי נאָרוועגיען. דערצו האָט איבסען, ווי אלע יונגע לייט און דיכטער, געהאט די פעהיגקייט בעגייסטערט צו ווערען פון אידעען און, לעבענדיג א פער'חלומ'טער אין זיין אייגענער וועלט, האָט ער פארגעסען אָן זיינע צרות. דאָך מוז אָרעמקייט אין דער יוגענד זיך אָברופען אויף'ן מענשענ'ס כאראקטער. זי קען דער־שלאָגען א מענשען, אָדער דערוועקען אין איהם אונצופרידענהייט און דעם אָפּאָזיציאָנס־גייסט, אָדער אויפ'ן גאנצען לעבען פערבי־טערען דעם יונגען מענשען, מאכען איהם אונאבהענגיג אָדער אונ־זיכער. אויף איבסען'ס רעזערווירטע, קאמפּפסלוסטיגע, סאטיריש־געשטימטע נאטור פון א מענשען, וועלכער איז געניינט מעהר נייגע־ריג צו בעטראכטען די ארומיגע, ווי זיך צופּאסען צו זיי, האָט אָרעמקייט געדארפט ווירקען שטארק; זי האָט איהם פּראָוואָצירט צום קאמפּף, ענטוויקעלט אין איהם א געוויסע אונזיכערקייט און אונגעלומפּערטקייט, פערשארפט זיין אמביציאָן אויסצוצייכנען זיך אזוי, אז ער זאָל זיך קענען פיהלען ווי אן אייגענער אין יענע גע־זעלשאפטליכע קרייזען, פון וועלכע ער איז אָבגעריסען געוואָרען אין דער יוגענד. ענדליך האָט אָרעמקייט דערוועקט אין איבסענ'ען דאָס בעדערפעניש צו שטעהען פעסט אויף אייגענע פיס, זיין אונ־אבהענגיג און טריי זיך אליין.

איבסען, וואָס איז מיט די יאָהרען געוואָרען א זעהר געזעצטער מענש און געפּיהרט א רעגעלמעסיגען, פעדאנטישען און פּלאנמע־סיגען לעבען, איז אין דער יוגענד געווען ניט גאנץ רעספּעקטאבעל און האָט געהאט פיעל אויסצושטעהן פון די בייזע צונגען פון די רכילות־טרייבער פון'ם קליינעם שטעדטעל, וואָס האָט ליעב צו האלטען אן אויג אויף יעדען איינעם און וועט קיינמאָל ניט מוחל

זיין אַ מענשען, בעזונדערס אַ בעדייטענדען, אונגעוועהנליכען מענש, דעם קלענסטען פרייען ריהר. איבסען האָט אין יענע יאָהרען גע־האַט צרות פון קרעדיטאָרען, וועלכע האָבען געמאָנט זייער געלד און די מאָראַל־זוכענדע ווייבער, וואָס האָבען געשאָטען פעך און שוועבעל אויף זיינע פערדעכטיגע פיהרונגען. אין יענער צייט האָט שוין איבסען געהאַט אָנגעשריבען פיינע פּאָעמען און פערשידענע דראַמען, וואָס זיינען איצט בעריהמט, פון וועלכע איינינע ווערען אַפילו בעטראַכט פאַר די בעסטע ווערק זיינע, אָבער דאַמאָלס זיינען זיי ערשינען אין ביליגע, שלעכטע אויסגאַבען, זיינען געדרוקט גע־וואָרען אויף עקעלהאַפטען פּאַפּיר, זיינען זיך קוים צוגאַנגען אין עטליכע הונדערט עקזעמפּליאַרען און ניט אַרויסגערופען קיין אינ־טערעס; אַפילו זיינע פריינד האָבען גאַנץ קאַלט און איינגעהאַל־טען גערעדט פון דעם דיכטער׳ס טאַלענטען. נאָרוועגיען איז נמאס געוואָרען איבסענ׳ען. זייענדיג פּאָלעמיש און סאַרקאַסטיש גע־שטימט, האָט ער אין׳ם יאָהר 1862 פערעפענטליכט זיין „קאָמעדיע פון ליעבע“, וועלכע שפּאָט אָב פון דער קאָנווענציאָנאַלער עראָטיק פון פוליסטער, אָבער דריקט אויס אין דערזעלבער צייט אַ טיפען צווייפעל אין דער מאַכט פון יעדער ליעבע. איבסען גלויבט ניט, אַז ליעבע קען בעשטעהן אין׳ם קאַמפּף מיט די טעגליכע צרות און זאָרגען און האָט שטאַרק מורא, אַז אין׳ם לאַנגווייליגען שטראָם פון אַלע טעג פון׳ם פערהייראַטעטען לעבען זאָל ניט דערטרונקען ווערען איהר אידעאַלער כאַראַקטער און ליידענשאַפטליכער טעמפּ. איבסען האָט געמוזט וויסען, אַז אונטער דעם דרוק פון׳ם אינסטינקט פון זעלבסט ערהאַלטונג האָט די געזעלשאַפט זיך געהאַלטען שטענדיג אין איינריידען אין דער אייביגקייט פון אַ געזונדער ליעבע, אָבער ער איז געווען אַזוי יונג און מוטיג, אַז ער איז געווען גרייט בעסער צו רעכטפערטיגען די טריוויאַלסטע פאָרשטעלונגען ווענען הייראַט, ווי זיי ווערען אויסגעדריקט אין׳ם בונד פון דער פערחלום׳טער סוואַנהילד און דעם פּראַקטישען גולדסטאַד, איידער צו בעהאַלטען זיין סקעפּטישע בעציהונג צו דער אָנגענומענער דאָגמאַטיק פון ליעבע.

„די קאָמעדיע פון ליעבע“ האָט סקאַנדאַליזירט די גאַנצע גע־זעלשאַפט. איבסענ׳ען האָט מען ניט געקענט פערצייהען, וואָס ער פאַלט אָן אויף דעם ריטואַל פון ליעבע, אויף די פערלאָבונגען, הייראַטען און אַלע אָנגענומענע פאָרמען פון ערָאָטיק. אָנשטאָט מודה צו זיין זיך, אַז ער איז ניט אינגאַנצען אומגערעכט, האָבען מענשען, ווי עס פיהרט זיך געוועהנליך, אָנגעהויבען צו גראָבען זיך אין׳ם פריוואַט־לעבען פון׳ם דיכטער און אינטערעסירען זיך מיט די גע־היימניסען פון זיין הייראַט. איבסען האָט מיר איינמאָל געזאָגט: „די געדרוקטע קריטישע אַרטיקלען האָט מען נאָך געקענט פערטראָ־גען, אָבער דאָס, וואָס מיר איז אויסגעקומען פערזענליך צו הערען וועגען דער פיעסע, איז געווען איינפאַך אונאַנשטענדיג און אונ־ערטרעגליך“. הענריק איבסענ׳ען האָט מען פערשריבען אַלס אַ טאַלאַנטפּולען mauvais sujet. אפילו אַזאַ וואונדערבאַר ווערק, ווי „די פּרעטענדענטען אויף׳ן טראָן“, וואָס איז ערשינען אין׳ם יאָהר 1864, האָט ניט געקענט רעהאַביליטירען דעם דיכטער און מאַכען איהם אַ בעסערען נאָמען. אויב די קריטיק איז ניט געווען צו שטרענג צו איהם, האָט זי יעדענפאַלס ניט אָבגעשאַצט דעם ווערט פון׳ם ווערק לויט זיינע פערדינסטען. די פּיעסע האָט ניט געמאַכט קיין שום איינדרוק אין איהר צייט. אין דענעמאַרק איז זי זיך צוגאַנגען ניט מעהר, ווי אין צוואַנציג עקזעמפּלאַרען. ערשט „בראַנד“ האָט בעקאַנט געמאַכט דעם דיכטער אויסער די גרעניצען פון נאָרוועגיען. דאָס, וואָס איך האָב געשריבען וועגען איבסענ׳ען אין׳ם יאָהר 1867, איז געווען די ערשטע אָבהאַנדלונג וועגען דעם גרויסען שרייבער, וועלכע איז ערשינען אין דרוק.

איבסען האָט געהאַט ניט נור פערזענליכע ענטוישונגען. איהם האָט זעהר עמפּערט נאָרוועגיען׳ס פּאָליטיק אין דער צייט פון דער דעניש־דייטשער מלחמה. ווען נאָרוועגיען און שוועדען האָבען זיך אין יאָהר 1864 אָבגעזאָגט צו פערטיידיגען דענעמאַרק אין איהר קאַמפּף מיט עסטרייך און פּרייסען, ניט קוקענדיג אויף די קלינגענ־דיגע פערשפּרעכונגען פון דער פּאַטריאָטישער פּרעסע און סטודענ־טען־פערזאַמלונגען, וועלכע האָבען, לויט איבסען׳ס איבערצייגונג,

פערפליכטעט די סקאנדינאווישע וועלט צו שטעלען זיך אנטקעגען דעם שונא, — האָט איבסען דערפיהלט און עקעל צו נאָרוועגיען, אויף וועלכען ער האָט געקוקט, ווי אויף א נעסט פון פייגהייט, צו־לאָזענקייט און שרעקעדיגקייט. ער האָט זיך געאיילט וואָס גיכער צו פערלאָזען זיין היימאט. פון יענער צייט אָן זיצט איבסען אין אויסלאנד; ער וואנדערט פון איטאליען קיין דרעזדען, פון דרעזדען קיין מיונכען, קומט ווידער קיין איטאליען און ווידער קיין מיונכען, פערבלייבענדיג צו פינף־זעקס יאָהר אין די דייטשע שטעדט. די אלע יאָהרען האָט איבסען געפיהרט א שטיל, רוהיג פאמיליען־לע־בען, אָדער ריכטיגער: אין די גרענעצען פון'ם פאמיליען־קרייז האָט ער זיך אויסגעבויט זיין אייגענע וועלט, א וועלט פון אָנגעשטרענג־טער ארבייט. אין יעדער שטאָדט האָט ער זיך בעגעגענט מיט די בעדייטענדסטע פערזענליכקייטען; ער האָט זעהר פריינדליך אויפ־גענומען אלס געסט די סקאנדינאווען, וואָס זיינען ארומגעפאָהרען אין אויסלאנד. איבסען האָט ניט געהאט קיין רוה און ניט גע־וואוסט פון א זיכערען, איינגעשטעלטען לעבען אין די דאָזיגע גלות־יאָהרען. ער האָט געלעבט ווי אין א זומער־געצעלט, אזוי ווי אויף'ן ביוואואק. פון'ם יאָהר 1864 האָט ער זיך ניט געלעגט שלאָפען אויף אן אייגענעם בעט, ניט געזעצט זיך עסען צום אייגענעם טיש. ער איז געווען אן עמיגראנט, א פרעמדער אין אויסלאנד. ער האָט זיך געוואוינט צו פיהלען היימיש אין א אונהיימישער, אונהיימ־ליכער סביבה. זייענדיג ביי איהם דאָס לעצטע מאָהל, האָב איך איהם געפרעגט, צי האָט ער ניט עפּעס אייגענס אין זיין קווארטיר; ער האָט אָנגעוויזען אויף עטליכע בילדער אויף דער וואנד. דאָס איז געווען זיין גאנץ אייגענטום. אפילו איצט, שוין האָבענדיג מיטלען, פיהלט ניט איבסען קיין בעדערפניש אין אן אייגענעם הויז, אָדער א גוט, ווי ביערנסאָן. ער האָט זיך צושיידט מיט זיין פאָלק און צוריסען אלע פערבינדונגען מיט דער געזעלשאפט; ער פערנעמט זיך מיט קיין ארבייט ניט, וואָס וואָלט קענען איהם פער־בינדען מיט עפּעס א אינסטיטוציאָן, אָדער פארטיי, אָדער א ציי־

טונג אין סקאנדינאוויען. איבסען איז אן אבסאָלוט איינזאמער. פון זיין איינזאמקייט שרייבט ער:

„פאָלק מיינס, וואָס האָסט מיר געגעבען צו טרינקען ביז'ן דעק פון דעם ביטערען, היילזאמען, שטארקען געטראנק, וואָס האָט געשטארקט דעם דיכטער, ווען ער איז געשטאנען אויף'ן ראנג פון קבר, — דו פאָלק, וואָס האָסט מיר דערלאנגט דעם שטעקען פון וואנדערער, ארויפגעוואָרפען אויף מיינע אקסלען די לאסט פון נויט און איינגעהילט מיינע פיס אין די סאנדאליען פון זאָרגען, — טרויריגע מתנות אויף'ן וועג! — דו זיי מיר געגריסט!"

אָפט דערמאָנט זיך דער דיכטער אָן זיין פאָטערלאנד און ווידמעט איהם זיינע אָריגינעלע, אינטערעסאנטע דראמען, אָבער איבער אלע זיינע ווערק, סיי נייע, וואָס ער האָט געשריבען אין נאָרוועגיען, סיי די אנדערע, וואָס זיינען אין אויסלאנד געשריבען געוואָרען, הויערט דיזעלבע שווערע שטימונג, וואָס איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר איהם, — א שטימונג, וואָס איז געמישט פון טרויער, האָפנונגסלאָזיגקייט און שטארקער אינדיווידואליטעט. די ראָזיגע מעלאנכאָלישע שטימונג דרינגט דורך אלע יענע טיילען פון זיינע ווערק, וועלכע מאכען אויף אונז דעם שטארקסטען איינדרוק. פרואווט זיך דערמאָנען אָן זיי: אין דער פאָעמע „אויף די בערג", דערצעהלט דער דיכטער, ווי ער שטעהט אויף'ן שפיץ בארג, זעהט, ווי עס צינדט זיך אָן דער מוטער'ס שטוב, דאָס פייער ווערט שטארקער, פרעסט אויף די שטוב, די מוטער, און ער, א פערצווייפעלטער, א פאראליזירטער, שטעהט און קוקט, ניט קענענדיג ריהרען מיט א גליד, קוקט און וואונדערט זיך אויף דער עפעקטפולער, שווידערליכער נאכט־בעלייכטונג. אן אנדער ליד איז דאָס ליד „פון מיין היימישען לעבען", אין וועלכען די געפליגטע בעשעפענישען פון דעם דיכטער'ס פאנטאזיע צופליהען זיך, ווי נור ער דערזעהט זיך צופעליג אין'ם שפיגעל א פערשלאָפענעם, מיט בלייערנע־גרויע אויגען, צוגעקנעפעלטען ראָק און הילצערנע פאנטאָפלען; ווי ערשטווינענד איז בראנד, ווען ער רייסט ארוים פון דער פרוי'ס הענד די קליידער פון'ם פערשטאָרבענעם קינד, אָדער ווען ער זאָגט זיך

אָב צו רעטען זיין אָרימע מוטער פון'ם העלישען פייער; נעמט די טיעף־אָריגינעלע סצענע אין „פּיער גינט", ווען דער ליגנערישער מענש געהט אין גן־עדן אריין, אָבנארענדיג די וועכטער; ס'ארא שווערען איינדרוק מאַכען אויף נאָרא'ס ליידען, די ליידען פון דעם אָרימען שמעטערלינג, וואָס ווערט געשטאָכען מיט א שאַרפער נאָדעל גאַנצע דריי אקטען און ווערט ענדליך דערשטאָכען. נעמט די אַלע וואונדערבארע סצענען צוזאמען און קוקט זיך איין אין זיי און איהר וועט דערפיהלען, אז זיי זיינען פּאַטעטיש, מעכטיג, ריה־רענד דערפּאר, וואָס זיי אַלע זיינען אָנגעזעטיגט מיט א שווערען, האָפנונגסלאָזען טרויער פון'ם דיכטער. דאָס, וואָס אין דעם מאַ־לער'ס בילד איז דער הינטערגרונד — לאַנדשאַפט, דאָס איז אין איבסען'ס געמעלען זיין שווערע, מעלאַנכאָלישע שטימונג. צייטענ־ווייז דערגעהט דער דאָזיגער גרונדטאָן ביז צום טראַגישען שרעק, אָבער דאָס איז ניט דערפאר, וואָס איבסען וויל שרייבען טראַגעדיען. האָט דאָך אויך שילער און עלענשלעגער געשריבען טראַגעדיען, זיי זיינען דאָ און דאָרט בעשטראַהלט מיט'ן ליכט פון טרויער, אָבער ניט אויסגעוועבט נור פון טרויער, ווי ביי איבסענ'ען. אפילו דער אוטאָר פון „קעניג ליר" און „מאַקבעט" האָט געשריבען אַזעלכע הארמאָנישע, לייכטע זאַכען, ווי „דער שטורם" אָדער „א מיטזוממער־נאַכט־חלום". ביי איבסענ'ען איז דאָס אנדערש. די שווערע שטי־מונג איז זיין גרונדשטימונג. עס האָט גאָר אנדערש ניט געקענט זיין, ווייל איבסען איז געווען א געבאָרענער אידעאַליסט, וועלכער האָט פון די יונגסטע יאָהרען אָן געבענקט נאָך דער אידעאַלער, ספּיריטועלער, אונמעגליכער שענהייט; ער איז געווען שטרענג, ריגאָריסטיש, טעווטאָניש, נאָרדיש און גענייגט אונטער דער וויר־קונג פון כריסטליכע אנשויאונגען צו קוקען אויף אַלץ, וואָס איז זינליך, ווי אויף עפּעס מיאוסעס, זינדיגעס און בעוואונדערען נור דאָס מאָראַליש־שענע, דאָס גייסטיגע און פערגייסטיגטע. אין תוך איז איבסען געווען א שעמעוודיגער, ד. ה. עס איז געווען גענוג, אז ער זאָל זיך ענטווישען א פּאָר מאָל און שוין פערקריכט ער אין זיין הייל, בעהאַלט זיך פון דער וועלט, פיהלענדיג א טיפען אונ־

צוטרוי צו איהר. שוין אין דער פריהעסטער יוגענד זיינער האט איבסען דערפיהלט זיך בעליידיגט, ערנידריגט, אבגעשטויסען פון דער געזעלשאפט; ער איז געווען נאאיוו, האט געוואלט גלויבען יעדען, בעוואונדערען אלץ און פון איהם האט זיך די וועלט אבגע־קעהרט. מיר דוכט, אז דער ערשטער טיפער איינדרוק, וועלכען ער האט אלס אינטעלעקטועל־ענטוויקעלטע פערזענליכקייט בעקומען פון דרויסען, איז געווען דער איינדרוק, אז דאס מאראלישע, דאס אי־דעעלע איז א זעלטענהייט אין דער היינטיגער געזעלשאפט און אין מינוטען פון צארן און פערביטערונג האט ער געמוזט אודאי זיך זאגען, אז דאס מאראלישע איז גלאט א נישט געשטויגענע, נישט־געפלויגענע געשיכטע, וואס האט ניט קיין בעשטאנד אין דער ווירקליכקייט. ער האט געזוכט גייסטיגע שענהייט און איז ענטוישט געווארען, ניט געפינענדיג זי. איצט האט ער דערפיהלט א בעדערפעניש אויסצושרייען פאר דער וועלט דעם טרויעריגען אמת, וועלכער ווערט פערדעקט מיט'ן פאלשען גלאנץ פון פראזען און ליגענס. די ארומיגע אטמאספערע איז געווען אנגעזעטיגט מיט די הויכע ווערטער וועגען אידעאלען, אייביגער ליעבע, טיפען ערנסט, טרייהייט, ענטלאסענהייט פון כאראקטער, דעם נארדישען פאטריאטישען געפיהל („ס'ארא קליין פעלזענפעסט פאלק אונזערע נארוועגער זיינען"); ער האט זיך אומגעקוקט, צוגעהערט, גע־פארשט און ניט געפונען אין דער ארומיגער ווירקליכקייט די אלע גוטע זאכען, וועגען וועלכע אלע האבען געהאלטען אין איין רעדען. אזוי האט זיין גרויסע ליעבע צו אידעאלען געבראכט איהם דערצו, אז ער האט אנגעהויבען צו קוקען אויף אלען רעאלען, ווי אויף פאלש־קייט און אילוזיאן. אינסטינקטיוו ציהט איהם אויסצופרואווען, צי איז ווירקליך עכט דאס, וואס ווערט געהאלטען פאר עכט, און ער וואונדערט זיך גאר נישט אדער גאנץ ווייניג, ווען ער איבערצייגט זיך, אז דאס עכטע איז גאר פאלש. ליידענשאפטליך טאפט ער אויס מיט זיינע פינגער יעדען כלומרשט'יג־עכטען מעטאל און הע־רענדיג, ווי הויל דאס איז, פרעהט עס איהם, וואס ער האט גע־טראפען און עס טהוט איהם וועה, וואס ער האט ניט געהאט קיין

טעות. בעגנענדיג זיך מיט אַלעם כּלומרשט־גרויסען, פלעגט ער פרעגען: צי איז דאָס גרויסע ווירקליך גרויס? (אַ בריף אין פערזען צו אַ שוועדישער דאַמע). ער האָט אַן אונגעוועהנליך שאַרפען אויג, וואָס בעמערקט יעדען עגאָאיזם און ליגנערישקייט, די פאַלשקייט, וואָס איז פערבאָרגען אין די פערחלומ׳טע געמעלען פון דער פאַנ־טאַזיע, די נידריגקייט און וואולגאַריטעט, וואָס פערדעקט זיך אָפט מיט הויכע פראַזען וועגען פּאָליטישער פרייהייט און פּראָגרעס. ביסלעכווייז איז דער אונצוטרוי צו אַלעם אידעאַלען און מאָראַלען געוואָרען אַ געוואוינהייט און ליידענשאַפט. זי האָט אריינגעגאָ־סען אין איהם מוט, געטריבען איהם אַלץ ווייטער און ווייטער. ער האָט ניט קיין אָבשיי פאַר קיינע הייליגקייטען, איהם האָט ניט אָבגעהאַלטען קיין פערבאָט; ער איז ניט אָבגעטראָטען פאַר׳ן אי־דילישען גליק פון רוהיגען פאַמיליען־לעבען, און ניט אָבגעשראָקען זיך פאַר די זיכערע דאָגמען פון געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזאַציאָן. און וואָס ווייטער ער איז געגאַנגען אין זיין אַנאַליז, אַלץ מוטיגער האָט ער פּראָקלאַמירט די רעזולטאַטען זיינע. ער האָט דאָס גרעס־טע פערגניגען דערפון, וואָס ער קען בעאונרוהיגען, רייצען אַלע יענע, וואָס האָבען אַ אינטערעס צו רעכטפערטיגען מיט ליגענס די אומגערעכטיגקייטען פון׳ם לעבען.

איבסען׳ען האָט זיך געדוכט, אַז מענשען רעדען צופיעל וועגען אידעאַלען, וועלכע ווערען קיינמאָל ניט פערווירקליכט אין לעבען. ער האָט געפיהלט, וואָס ווייטער אַלץ זיכערער, אַז מענשען האָבען זיך עפּעס ווי צונויפגערעדט צו פערשווייגען אַלעם בייזע, שרעק־ליכע און טרויריגע, וואָס איז אין ווידערשפּרוך מיט די פערהיי־ליגטע אידעאַלע פאָדערונגען. אין פיינער געזעלשאַפט איז ניט איינ־געפיהרט צו דערמאָנען אַזעלכעס, עס איז דאָך אַזוי אונגלויבליך, אַזוי אונאַנשטענדיג; אין דער פּאָעזיע ווערט דאָס פערשוויגען, ווייל ס׳איז צו פיינליך, צו אונאַנגענעהם און אַ קאָנווענציאָנעלע עסטעטיק האָט בעשטימט, אַז דאָס מיאוסע, שאַרפע, פיינליכע איז אונעסטעטיש. אַזוי איז איבסען געוואָרען דער דיכטער פון שווע־רען טרויער; אַזוי האָט ער זיך צוגעוואוינט צו פערריגען אין בי־

טערער, שארפער פאָרם זיינע טרויריגע אמת׳ען, האלטענדיג זיך אָן אַ זייט פון דעם המון און געזעלשאפט.

קוקט מען זיך איין גוט אין׳ם דיכטער׳ס געזיכט, לעזט מען אויך דאָרט דאָס, וואָס ער האָט אויסגעדריקט אין זיינע פּאָעמען און דראמען. איבסען׳ס געזיכט איז שטרענג, אויף איהם איז אויס־געגאָסען עפּעס בייזעס, סארקאסטישעס, אָבער פון צייט צו צייט בליצט דורך אַ אינערע גוטסקייט, אַ ווייכקייט, עפּעס צארטעס. איבסען איז נידריגער פון מיטעלוואוקס, פעסט געבויט, ער קליידט זיך עלעגאנט, געהט לאנגזאם, האלט זיך מיט ווירדע און האָט פיי־נע מאנירען פון אַ ארעליגען. ער איז שוין ניט מעהר יונג; אַ הערליכע לעוועלור פון לאנגע האָר, וואָס זיינען שוין גראָהליך, מאכט נאָך אינטערעסאנטער זיין אינטערעסאנט געזיכט. זיין שטערען, וואָס פערנעמט דעם גרעסטען טייל פון קאָפּ, איז אָן אונגעוועהנ־ליכער: ער איז הויך, ברייט, כמעט פּערפּענדיקולער און אין דער־זעלבער צייט פיין מאָדולירט; אין איהם פיהלט זיך גרויסקייט און אינטעלעקטועלע קראפט. זיין מויל איז אזוי צוזאמענגעפּרעסט, אז די ליפּען זעהען זיך כמעט ניט אָן. אָן דעם ענערגישען מויל קענט איהר דערקענען, אז איבסען האָט פיינד צו רעדען פיעל און איז אָן ענטשלאָסענער מענש. אין אַ גרויסער געזעלשאפט עפענט ער זעלטען דאָס מויל, גלייך ווי ער וואָלט געווען אַ שטומער אָדער אַ צובייזערטער וועכטער פון דעם פערשלאָסענעם, געהיימניספולען אינערען הייליגטום. גוט פיהלט ער זיך אין דער געזעלשאפט פון אַ פריינד אָדער אַ קליינעם קרייז, אָבער ער איז קיינמאָל צו רע־דעוודיג און אָפענהערציג. אַ פראנצויז, וועלכען איך האָב אין רוים געוויזען רונעבערג׳ס ביוסט פון׳ם דיכטער, האָט געזאָגט: ער איז מעהר שארפזיניג, ווי פּאָעטיש. יעדען איינעם, וואָס זעהט איב־סען׳ען, ווארפט זיך אין די אויגען, אז ער איז אַ סאטירישער דיכ־טער, אַ מעלאנכאָלישער דענקער, אָבער ניט וויזיאָנער. זיינע בע־סערע פּאָעמען אָבער, ווי צ. ב. „פערשוואונדען“ און אנדערע בע־וייזען, אז געשאָנקען האָט איהם די פאָרזעהונג אַ לירישען פּעגאס,

אָבער אין׳ם לעבענסקאמפף איז דאָס ערדלע פעלד געוואָרען טויט, אראָבוואַרפענדיג פון זיך דעם רייטער.

אויף איבסען׳ס געזיכט האָב איך געכאפט אין פערשידענע צייטען צוויי ענטגעגענגעזעצטע אויסדרוקען. איז ער גוט געשטימט, שמייכעלט ער מיט א גוטען, דעליקאטען שמייכעל; די פערגליווערטע מאסקע ווערט אויפגעלעבט פון׳ם שטראָם פון הארציגקייט און ווארימקייט, וואָס פליסט ארויס פון די בעהעלטעניש פון דער זעעלע. איבסען איז אין א געוויסען זין שעמעוודיג, ווי אלע מעלאנכאָלישע און ערנסטע נאטורען, אָבער זיין וואונדערבארער שמייכעל דרינקט אריין אין הארץ, און אין׳ם קוק זיינעם, אין׳ם שמייכעל, אין׳ם דרוק פון דער האנד דערפיהלט איהר דאָס, וואָס דער שטרענגער מענש וואָלט קיינמאָל ניט געקענט אָדער געוואָלט זאָגען. איבסען האָט אויך א געוואוינהייט צו שליידערען זיינע טרעפענדע, לאקאָנישע, שוין גאָר ניט גוטמוטיגע בעמערקונגען, שמייכלענדיג דערביי אזוי שטיפעריש, גוטמוטיג־שפּאָטיש, אז בייז ווערען אויף איהם איז אונמעגליך. דער שמייכעל שוואכט אָב די ביטערקייט פון׳ם שניידענדען איינפאל.

אָבער מיר איז אויסגעקומען ניט איין מאָל צו בעמערקען אויף איבסען׳ס געזיכט גאָר אַן אנדער אויסדרוק. פּלוצלונג ווערט דאָס געזיכט זיינס אונגעדולדיג, צאָרניג, סארקאסטיש, צינדט זיך אָן מיט׳ן פייער פון גערעכטער עמפּערונג, ווערט כמעט אונרחמנות׳דיג־אכזריש, דערמאָנענדיג אונז אָן די ווערטער זיינע אין דער וואונדערבארער פּאָעמע „טעריע וויגען“.

„אָבער פּלוצלונג צוגליהען זיך צאָרניג זיינע אויגען, ווי די בליצען אין א שטורמישען טאָג — און ווייניגע, גאָר ווייניגע, האָבען דעם מוט צו קוקען דאמאָלס טעריע וויגענטען גלייך אין די אויגען“.

אזא אויסדרוק נעמט מייסטענס די זעעלע פון׳ם דיכטער אָן אנטקעגען דער געזעלשאפט.

איבסען איז א געבוירענער קעמפּפער; זיין ערשט פּאָעטיש ווערק „קאטילינא“ איז שוין געווען א דעקלאראציאָן פון מלחמה. אין׳ם משך פון׳ם גאנצען לעבען, זייט ער האָט דערפיהלט, אז ער

איז א רייפער מענש — אגב, איז דאָס געשעהן גאַנץ שפּעט, — האָט איבסען קיינמאָל ניט געצווייפעלט, אז אויב מען זאָל איהם, דעם איינצעלנעם, שטעלען אויף איין וואָגשאָל, און אויף דער אַנ־דערער — דאָס, וואָס ווערט גערופען געזעלשאַפט, וואָס איז אין איבסען'ס אויגען די פערקערפּערונג פון אלע יענע, וואָס האָבען מורא פאר'ן אמת און פערשמירען פעהלערען און פערדאָרבענקייטען מיט הויכע פראַזען, וואָלטען דיביידע וואָגשאָלען אין'ם ערגסטען פאַל געבליבען אין גלייכגעוויכט. אַן אינטערעסאַנטען פּאַראַדאָקס איז מיר אויסגעקומען צו הערען ניט איינמאָל פון איבסענ'ען: ער האָט בעהויפּטעט, אז אין דער וועלט איז פאראַן אין א בעשטימטען מאָ־מענט א געוויסע סומע גייסט, וואָס ווערט צוטיילט צווישען אלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט; זיינען איינציגע מענשען זעהר טאַלענטפול, — ווי צ. ב. שילער און געטע אין זייער צייט אין דייטשלאַנד, — מוזען די איבריגע זיין פּראָפּאָרציאָנעל נארישער. איבסען האָט, ווייזט אויס, געגלויבט, אז פּאַר זיינע צייטגענאָסען אין נאָרוועגיען איז געבליבען ניט צופיעל גייסט, נאָך דעם ווי ער האָט בעקומען זיין אונגעוועהנליכען טייל.

איבסען האָט ניט דאָס בעוואוסטזיין, אז ער איז א מיטגליד פון א געזעלשאַפט, א פיהרער פון א גרופּע, א זוהן פון זיין נאַ־ציאָן, א טייל פון עפּעס א גאַנצען; ער פיהלט נור, אז ער איז געניאל, א פּערזענליכקייט. פּערזענליכקייט איז דאָס איינציגע אין דער וועלט, וואָס איבסען שעצט; ער גלויבט אין פּערזענליכקייט — און נור אין פּערזענליכקייט. אין איבסען'ס עמאַנסיפּירטקייט פון אלע נאַטירליכע בעציהונגען, אין זיין פערהערליכונג פון דער אינדיווידואַליטעט אלס אינטעלעקטועלער קראַפט איז דאָ עפּעס, וואָס דערמאָנט אונז שטאַרק אָן יענעם מאָמענט אין דער נאָרווע־גישער געשיכטע, אין וועלכען ער האָט זיך ערצויגען. געלעבט האָט אין יענער צייט קירקעגאָרד; ער האָט געהאַט די שטאַרקסטע ווירְ־קונג אויף איבסענ'ען. ביידע זיינען געוועזען אויך עהנליכע נאַטורען, ביידע איינזאַמע, ביידע שטרענגע, אָבער איבסענ'ס לעבענסגאַנג איז שוין דערפאר אליין געוועזען אן אנדערער, וואָס ער איז אויך גע־

שטאַנען אונטער דער ווירקונג פון ביערנסאָנ'ען, וועלכער איז אין אַלעמען — אין כאַראַקטער, פעהיגקייטען, גייסט — געווען איבּ־סען'ס געגענזאַץ. עס בלייבט קיינמאָל ניט אָהן אַ ווירקונג אויף אַ פּערזענליכקייט, ווען זי דערזעהט, אַז דאָס שיקזאַל האָט איהר אַני־דערגעשטעלט אויף דער היסטאָרישער ביהנע ניט אַליין, נור אין נאָהענטסטער נאָהענטקייט מיט איהר אַנטיפּאָד, מיט אַזאַ פּער־זענליכקייט, וואָס האָט ענטגעגענגעזעצטע סימפּאַטיען, נייגונגען און כאַראַקטער־שטריכען. עס איז אָפּט גאַנץ אונבעקוועם, וואָס דערמאָנענדיג אייך, דערמאָנט מען זיך באַלד אָן אַן אַנדערען, אַ צווייטען און שטענדיג האַלט מען אין איין פערגלייכען אייך ביידע, צי צום גוטען, צי צום שלעכטען. דאָס, וואָס ביידע זיינען אַ צווייליגג און קענען ניט לעבען יעדער איינער אין'ם זכות פון זיין אייגענער פּערזענליכקייט, רייצט, פּראָוואָצירט. זעהר מעגליך, אַז דאָס, וואָס מען האָט איבסענ'ען שטענדיג צונעגלייכט צו ביערנ־סאָנ'ען, האָט איהם געצוואונגען זיך נאָך מעהר צו דערווייטערען פון איהם, נאָך שטאַרקער פערשאַרפען דאָס, וואָס איז אייגענטימ־ליך איהם. אפשר האָט דערפאַר איבסען נאָך מעהר איינגעשלאָסען זיך אין זיך, געוואָרען שטרענגער און אָנגעשטרענגטער.

אַ מענש, וואָס גלויבט, ווי איבסען, נור אין די רעכט און פּאָ־טענצען פון אַ בעפרייטער אינדיווידואַליטעט, וואָס איז אַזוי פריה, ווי ער, ארויסגעטראָטען געגען דער ארומיגער געזעלשאַפט, קען ניט האָבען אַ גוטע מיינונג וועגען דעם המון. שטעהענדיג אויף דער שוועל פון רייפערע יאָהרען, האָט איבסען דערפיהלט אַ פּעראַכטונג צו מענשען. דאָס הייסט ניט, אַז ער האָט פון דער פריהעסטער יוגענד אָן געהאַט אַן איבערטריבען הויכע מיינונג וועגען זיך, וועגען זיינע טאַלענטען. ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין זיכערער מענש, ער צווייפעלט שטענדיג, פרעגט, זוכט. ער אַליין שרייבט: „איך פרעג מייסטענטיילס, ענטפערען איז ניט מיין זאַך!" אַזעלכע מענ־שען נאַרען זיך ניט אין זיך. מען דאַרף ניט פערגעסען אויך, אַז איבסענ'ען איז שווער אָנגעקומען, ביז ער איז דערגאַנגען צו זיין אייגענאַרטיגער מאַניר, סטיל און פאָרם. ער האָט זיך צוגעהערט

צו אנדערע שטימען, ביז ער האָט אויפגעהויבען זיין אייגען קול. דאָס ערשטע ווערק זיינס „קאטילינא“ איז נאָך גאַנץ אונגעלומ־פערט; אונטער דער ווירקונג פון עלענשלעגער׳ן האָט ער אָנגע־שריבען „דעם טויטענבארג“; לעזענדיג „דאָס פעסט אין סאָלהאוג“ דערמאָנען מיר זיך אָפט אָן הענריק הערצ׳ן*) וואָס איז אזוי ווייט און פרעמד איבסענ׳ען — אפילו דער מעטער איז דערזעלבער ביי זיי; אין „די פעלדהעררען אין העלגאָלאנד“ נוצט איבסען שטארק אויס עפעקטפולע סיטואציאָנען, וועלכע זיינען גענומען פון די אויס־לענדישע זאגען. זיכער איז, אז ניט מיט אמאָל, נור ביסלעכווייז איז דער דיכטער אלץ מוטיגער געוואָרען, ביז ער האָט זיך ענט־שלאָסען אינגאנצען פערלאָזען זיך אויף זיך, נעמען זיך צו איי־גענע סוזשעטען, שרייבען זיין אייגענעם, אייגענארטיגען סטיל. איבסען איז איינע פון יענע נאטורען, וואָס האָבען אין זייער יוגענד אכטונג צו מענשען, גלויבען מענשען, האלטען אנדערע פאר העכע־רע פון זיך, ביז די שווערע לעבענס־ערפאהרונגען דערוועקען ניט אין זיי דאָס בעוואוסטזיין פון אייגענער קראפט. האָבען זיי אָבער געמאכט די דאָזיגע ענטדעקונג, ווערען אזעלכע נאטורען געוועהנליך עקשנות׳דיגער און שטרענגער, ווי אנדערע, וואָס זיינען פון אָנהויב אָן געוועען צופרידען מיט זיך. זיי געוואוינען זיך אָבצואוועגען אויף די וואָגשאָלען פון גייסט דעם ווערט פון יעדען איינעם, אין וועלכען זיי וואָלטען פריהער קיינמאָל ניט געוואגט צו צווייפלען, און איז דער מענש לייכטוואָגיג, ווארפען זיי איהם אוועק אָן א זייט, ווי אוננויטיג אלטווארג.

איבסען זעהט אין׳ם דורכשניטליכען מענש א קליינליך, עגאָ־איסטיש, נישטיג בעשעפעניש. איבסען׳ס שטאנדפונקט איז ניט דער שטאנדפונקט פון׳ם מאָראליסט. עס איז נאטירליך, אז א

*) אין זיין הקדמה צו דער צווייטער אויפלאַגע פון׳ם „פעסט אין סאלהאוג“, וואָס איז ערשינען אין׳ם יאָהר 1883, פראָטעסטירט איבסען געגען סיין היפאָטעזע, אז ער האָט געשריבען די דאָזיגע דראָמע אונטער הענריק הערץ׳ס ווירקונג.

מאָראַליסט זאָל זיך מעהר אינטערעסירען מיט דער פערדאָרבענקייט פון'ם מענש, ווי מיט זיין פערבלענדקייט און נארישקייט. פלאָבער איז איבערצייגט, אז מענשען זיינען פערדאָרבען, ווייל זיי זיינען נאריש; לויט איבסען'ס מיינונג, זיינען זיי נאריש, פיהרען זיך אויף נאריש טאקי דערפאר, וואָס זיי זיינען מאָראַליש פערדאָרבען. נעהמט נאָרא'ס מאן, טאָרוואלד העלמער. ער שפּילט די גאנצע צייט א נעבעכדיגע ראָל, הויבט ניט אָן צו פערשטעהן, וואָס נאָרא לעבט איבער, איז א פשוט'ער עזול; אין דער שרעקליכער מינוט, ווען נאָרא געזעגענט זיך מיט ראנק'ן, גרייטענדיג זיך צו מאכען א סוף פון איהר לעבען, און דער דאָקטאָר, וואָס איז אויף פעראור־טיילט צום טויט, ענטפערט איהר צערטליך, פול רחמנות. אין דער אטמאָספער פון טויט שטעהט דער טפשות'דיגער העלמער א פער־שכור'טער פון זינליכער ליידענשאפט און שטרעקט אויס זיינע הענד צו נאָרא'ן. העלמער איז אונענדליך נאריש, אָבער נאריש איז ער דערפאר, וואָס ער איז צופרידען מיט זיך און טראכט נור וועגען זיך. די אָרימקייט פון גייסט נעהמט זיך פון זיין מאָראַלישער בעגרענעצקייט און פערדאָרבענקייט.

איך האָב שוין ציטירט אמאָל קירקעגאָרד'ס אפאָריזם („אָדער־אָדער"), וועלכער איז צוגעפּאסט צו איבסען'ען: „זאָלען אנדערע שרייען, אז אונזערע צייטען זיינען שלעכטע. איך שריי און קלאָג אויף די צייטען, וואָס זיינען נישטיג. ווי זאָל מען ניט פעראכטען אונזער צייט, וואָס איז אָהן כאראקטער און ליידענשאפט? די גע־דאנקען, וואָס זיינען פערבאָרגען אין די טיפענישען פון זייערע הער־צער, זיינען צו אונבעדייטענד, אז זיי זאָלען קענען זיין זינדיג. די געדאנקען פון די היינטיגע מענשען זיינען אזוי דין און שוואך, ווי די לייבער פון די שפּיצען־ארבייטערינס". זאָגט ניט דאָסזעלבע בראנד, ווען ער פערשפּאָטעט דעם גאָט פון זיין גענעראציאָן און שטעלט איהם אנטקעגען זיין אייגענעם גאָט, זיין אייגענעם אי־דעאל: „ווי די מענשען, איז אויך זייער גאָט א גראָהליכער, מיט א גלאצקאָפּ און מיצעל, אָבער דאָס איז ניט מיין גאָט. מיינער

איז שטורעם און אייערער — ווינד... און יונג איז ער, ווי הער־קולעס, און ניט אזא אלטער, ווי דיינער".

זאָגט ניט עהנליכעס דער קנאָפּגיסער אין „פּיער גינט" ? ער ענטפערט פּיער גינט'ן כמעט דאָסזעלבע, וואָס מעפיסטאָפעל ענט־פערט דער זעעלע אין הייבערג'ס דראמא : „די זעעלע נאָכ'ן טויט". פּיער גינט וועט ניט האָבען די זכיה אין גיהנם אריינצופאלען, אין'ם גיסלעפעל וועט מען איהם אריינוואַרפען און איבערגיסען אין א ניי בעשעפעניש, ווייל ער איז גאָר קיין זינדיגער נישט. ווייל, ווי איבסען זאָגט, קען זינדיגען נור דער, וואָס האָט קראַפט און איז ערנסט, פּיער גינט איז אָבער געווען א מיטעלמעסיגער מענש און דעריבער „וועט מען איהם אריינוואַרפען אין'ם קאָכיגען קעסעל, ער זאָל איבערגעשמאָלצען ווערען אויפ'ס ניי ?"

לויט איבסען'ס קאָנצעפּציאָן, איז פּיער גינט דער טיפּישסטער פערטרעטער פון די נאָרוועגער ; זיינע פערזענליכע פעהלער זיי־נען די פעהלער פון דער נאציאָן ; זיי שרעקען ניט אזוי פיעל דעם דיכטער, ווי זיי וועקען אין איהם פעראַכטונג.

אזא קוק ערקלערט פערשיעדענעס אין איבסען'ס פריהערע ארבייטען, אין וועלכע זיינע אייגענטימליכקייטען אלס דיכטער האָבען זיך נאָך נישט אויסגעדריקט. מארגיט פון איבסען'ס „פעסט אין סאָלהאוג" דערמאָנט אונז אָן דעם דענישען דראמאטורג הער־צוס ראננהילד. איבסען'ס „מארגיט" איז אָבער אויסגעגאָסען פון אַן אנדערען מעטאַל ; זי איז שטרענגער, הארבער, ענטשלאָסענער. א היינטיגע פרוי, וואָס האָט ליעב א מאַן, וועלכער איז גלייכגיל־טיג צו איהר, פיהלט זיך נאָהענטער צו ראננהילד, ווי צו מארגיט ; ראגנהילד איז וויכער, מענשליכער, ווי מארגיט. איבסען'ס מאר־גיט וואָלט געקוקט אויף דער היינטיגער האָפנונגסלאָז פערליעבטער פרוי, ווי אויף א פּראָדוקט פון א צוקראָכענער צייט, וואָס איז ווייט פון א מוטיגער. מעכטיגער, קאָנסעקווענטער ליידענשאפט, — א צייט, וואָס איז איינגעזונקען אין'ם זומפ פון האלבקייט. און וואָס עפּעס ווענדט זיך איבסען אין „די פעלדהערען אין העלגאָ־לאַנד" צו דער אונמענשליכער טראגעדיע, צום הערליכען שרעק־

גייסט פון די וואָלסוננגער זאגען? כדי צו וואַרפען אין פנים די היינטיגע עפיגאָנענהאפטע גענעראַציאָנען דאָס גראַנדיעזע געזעץ פון דער הערליכער פערגאַנגענהייט; כדי אויסצולאַכען און פער־שעמען אונז, פערגלייכענדיג אונזער קליינקייט מיט דער גרויסקייט פון אונזערע אהנען, מאָלענדיג די גרויסע ליידענשאַפט, וואָס געהט שטאָלץ צו איהר ציל, ניט קוקענדיג רעכטס, לינקס אָדער אַן א זייט און די שטאָלצע קראַפט, וואָס איז קאַרג אויף ווערטער און טהוט איהרס שוויינענדיג, ליידט שווייגענדיג און קומט אום שוויי־גענדיג; כדי צו דערמאָנען אונז אָן די דאָזיגע אייזערנע ווילענס, גאָלדענע הערצער און וואונדערבאַרע העלדענטאַטען, וועלכע זיינען ניט פערגעסען געוואָרען אין משך פון טויזענדער יאָהרען, מיר האָבען צום איינדרוק, לעזענדיג „די פעלדהעררען", אז דער דיכ־טער וויל אונז זאָגען: טהוט נור א קוק אויף זיך אין שפיגעל, איהר היינטיגע!

א קאַמפּפס־שטימונג, דער פּאַטאָס פון קריג פיהלט זיך שוין אין דעם ערשטען ווערק, וואָס איבסען האָט אָנגעשריבען, אין „קאַטילינאַ". קאַטילינא'ן פערגעטערט ער מיט'ן ענטוזיאַזמוס פון א בעגייסטערטען סטודענט. זיין העלד — קאַטילינאַ — האַסט און פעראַכטעט די גאַנצע רוימישע געזעלשאַפט, אין וועלכער עגאָ־איסטישקייט און רויהע קראַפט הערשען אונבעגרענעצט און רעגירער ווערען מענשען א דאַנק אינטריגען און פאַלשקייטען; קאַטילינאַ אליין, דער איינציגער, רעבעלירט געגען דער גאַנצער פערהאָרבע־נער געזעלשאַפט. דער קריגערישער פּאַטאָס דרינגט דורך אויך איינע פון די לעצטע איבסען'ס דראַמען; די וואונדערבאַרסטע פון אלע זיינע דראַמען: „דאָס פּופּענהויז". געדעמפּפטע, אָבער שאַר־פּע טענער רייסען זיך אַרויס פון די פּרויען־ליפּען. ווען נאָראַ, דאָס קינדישע בעשעפעניש, דער זינגפויגעל, דאָס אייכענהאָרן נעמט זיך ענדליך אָן מיט מוט און זאָגט: „איך מוז דערגעהן, ווער איז גערעכט, איך אָדער די געזעלשאַפט", ווען דאָס צאַרטע, ברעניגע בעשעפעניש וואָגט צו שטעלען זיך איינע אליין אַנטקעגען דער גאַנ־צער געזעלשאַפט, דערפיהלען מיר, אז „נאָראַ" איז איבסען'ס טרייע,

אמת׳ע טאָכטער. נעמט ענדליך דעם פאַטאָס פון קאמפף, וואָס דריקט זיך אויס אין „די געשפענסטער״. הערט זיך צו צו פרוי אלווינג׳ס רייד. זי זאָגט: „איך האָב געהאַלטען איין קניפעל אין האנד, כ׳האָב נור געפרואווט צונעמען איהם און באלד איז אלצדינג צופאלען אויף שטיקלעך. ערשט דאמאלס האָב איך בעמערקט, אז דאָס אלץ איז געווען שלעכטע מאשינענארבייט״. אודאי זיינען דאָס ניט דעם דיכטער׳ס ווערטער, אָבער ווי ווייט דער דיכטער איז ניט פון זיין געשטאלט, פיהלט איהר, אז איבסען אליין זיפצט אויף פון פרייד, וואָס איהם האָט זיך איינגעגעבען ארויס־צוזאָגען דאָס, וואָס איז געווען פערבאָרגען אזוי לאַנג אין הארץ ביי איהם.

קאטילינא און פרוי אלווינג — די ערשטע און די לעצטע פאַ־טישע געשטאלט — זיינען איזאָלירט פון אלע און אלעמען, זיי זיינען פעראיינזאמט, שטעהען אליין, ווי פאלק, בראנד, נאָרא. זיי אלע שלאָגען זיך מיט׳ן קאָפּ אָן וואנד פון גרויסער פערצווייפלונג. זיי אלע האָבען קיין האָפנונגען ניט.

דאָס זיינען פעסימיסטישע אידעען; אזוי ווערען גערופען אין אייראָפּאַ איצט אזעלכע אידעען. אָבער פעסימיסטישע אידעען קע־נען זיין פערשיעדענע. פעסימיסטען זיינען שאָפּענהויער און הארטמאַן; זיי זיינען איבערצייגט, אז דאָס לעבען, יעדעס לעבען איז א צרה, ווייל די סומע פון פריידען איז אונבעדייטענד אין פער־גלייך מיט די יסורים און ליידען, וואָס א מענשען קומט אויס אויס־צושטעהן. אזעלכע פעסימיסטען וועלען דערצעהלען, ווי נישטיג זיינען אויך די העכסטע פרייד, ווי טרויריג די יוגענד, אונבעפרי־דיגענד — די ארבייט, נאריש — יעדע פרייד, און האָסטו אָפּט פריידען, געוואוינסט דו זיך צו זיי צו און ווערסט אלץ ווייניגער עמפפינדליך צו זיי. און ווייל ס׳איז אזוי, הייסט שאָפּענהויער זיין מילד און אסקעטיש, און הארטמאַן גיט אַן עצה צו בויען געדולדיג דעם טורעם פון ציוויליזאציאָן, ניט מאכענדיג זיך דערפון, וואָס ער בעהאָגעלט אונז, מענשען, וואָס ווייטער אלץ מעהר און מיט גרעסערע צרות. איבסען איז ניט קיין פעסימיסט פון אזאָ

שניט. ער גלויבט אויך אַז די וועלט איז אַ שלעכטע וועלט, אָבער איהם אינטערעסירט ניט די פראַגע, צי איז דאָס לעבען אַן און פאַר זיך עפּיס גוטעס אָדער שלעכטעס. ער קוקט אויף'ן לעבען מיט די אויגען פון אַ מאָראַליסט; ער איז מאָראַליסטיש אין תוך.

דער פעסימיסטישער פילאָסאָף האָט ליעב צו רעדען וועגען דער אילוזאָרישקייט פון יעדער ליעבע; ער בעווייזט, ווי זעלטען ליעבע מאַכט גליקליך אַ מענשען, ווי ענטוישט ווערען אַלע, וואָס ערוואַרטען גליק פון ליעבע, ווייל דער צוועק איהרער איז ניט די בעפרידיגונג פון'ם איינצעלנעם, נור די פערפּאָלקאָמונג פון די קומענדיגע גענעראַציאָנען. איבסען קוקט גאָר אַנדערש אויף ליע־בע. זי איז קאָמיש ניט דערפאַר, וואָס זי איז אַן אילוזיאָן — דאָס איינציג גוטע אין דער ליעבע איז דאָס, וואָס זי איז אילוזיאָן, טראַכט איבסען — נור קאָמיש איז זי דערמיט, וואָס זי פערדערבט די כאַראַקטערען, פיהרט צו אַ פיליסטערישען לעבען, ענדיגט זיך מיט וואולגאַריטעט. פייערליך הויבט זיך אָן יעדע ליעבע, אָבער גיך ווערט אין'ם שוים פון דער הייראַט און די געזעלשאַפטליכע קאָנ־וועַנציאָנאַליטעטען דערשטיקט אַלעס פּאָעטישע און פאַנטאַסטישע. דאָס, וואָס דער יונגער טעאָלאָג, וועלכער האָט זיך געגרייט צו זיין אַ מיסיאָנער אין די ווייטע לענדער, ווערט אַ לעהרער אין אַ נעמיטליכער פרויען־שולע („קאָמעדיע פון ליעבע"), ווי נור ער פער־קנס'ט זיך, גיט איבסען'ען אַ געלעגענהייט אָבצושפּאָטען פון יעדער הייראַט; די סצענע סימבאָליזירט אין איבסען'ס אויגען די לעבער־ליכקייט פון יעדער ליעבע. ער וויל, אַז ליעבע זאָל מאָראַליש דער־הויבען דעם מענש, אָבער אין אמת'ען דעגראַדירט זי איהם. מיר דערקענען דעם מאָראַליסט איבסען. נור איינמאָל האָט איבסען זיך דערהויבען איבער זיין מאָראַלישער קאָנצעפּציאָן פון עראָטיק, בלייבענדיג אַלץ סאַטיריש, אין'ם טיפסטען און שאַרפזיניגסטען פון זיינע לידער „דער פלאָנטער", וואָס דערמאָנט, לויט'ן טאָן, מעטער און סיוזשעט אָן היינע'ס „קאַפּריזען פון די געליבטע", אָבער דאָס איז געשעהן איינמאָל און מעהר ניט ווידערהאָלט זיך.

דער פילאָסאָף־פּעסימיסט האָט ליעב צו קלאָגען זיך, אַז ניט דער איינצעלנער און ניט די מאַסען קענען דערגרייכען גליק: גליטשט דאָך די פרייד זיך אַרויס פון אונזערע פינגער, צו שפּעט ווערען ערפילט אונזערע פערלאַנגגען און האָבען מיר שוין דערגרייכט דאָס, וואָס מיר האָבען זיך געוואונשען, פרעהט עס אונז גאָרניט אַזוי שטאַרק, ווי מיר האָבען ערוואַרט. דער פילאָסאָפישער פּעסי־מיסט האָט ליעב צו ציטירען געטע'ס ווערטער, אַז אין די פינף־און־זיבעציג יאָהר פון זיין לעבען האָט ער ניט נעהאַט אפילו קיין פיער גליקליכע וואָכען און שטענדיג איז איהם אויסגעקומען צו שלעפּען באַרג אַרויף אַ שטיין, וועלכער איז ווידער און ווידער נע־פאַלען אַראָב. דער פּעסימיסט טענה'ט, אַז אויב געטע האָט ניט געקענט גליקליך זיין, איז יעדעס גליק — אַ פערבלענדעניש. ווי קען אַ פשוט'ער שטערבליכער האָפען צו דערגרייכען דאָס, וואָס דער ליעבלינג פון די געטער און מענשען האָט ניט געקענט דער־גרייכען? אנדערש איז דאָס מיט איבסען'ען. ווי סקעפּטיש ער איז ניט, צווייפעלט ער קיינמאָל ניט אין דער מעגליכקייט פון גליק. אפילו פרוי אַלווינג, וואָס האָט אַזוי שווער געליטען פון'ם בייזען שיקזאַל, גלויבט, אַז זי וואָלט אין אנדערע בעדינגונגען געקענט זיין גליקליך, און ניט נור זי, נור אויך איהר פערדאָרבע־נער, נעבעכדיגער מאַן. איבסען איז, ווייזט אויס, איינפערשטאַנדען מיט איהר. איבסען'ס שטימע הערט זיך אין איהרע ווערטער וועגען „דער ניט־גרויסער שטאָדט", וואָס דערפרעהט ניט, נור אַמוזירט, איז פערנומען ניט מיט אמת'ער אַרבייט, נור מיט געשעפטט און פערגעטערט אמט, אָבער ניט דעם לעבענסבערוף. דאָס לעבען אליין, לויט איבסען'ס מיינונג, איז ניט שלעכט; עקזיסטענץ אָן און פאַר זיך, קען זיין אויך אַ קוואַל פון פרייד, איז זי דאָס ניט, איז דאָס עמיצענס שולד — און איבסען רעכענט, אַז שולדיג איז דאָס לאַנגווייליגע נאַרוועגער לעבען, די רויע, ברוטאַלע, היפּאָקרי־טיש־מאָראַליזירענדע געזעלשאַפט.

דער פּעסימיסטישער פילאָסאָף זעהט אין'ם אָפּטימיזם עפּעס שעדליכעס, סאָציאַל־שעדליכעס. ער רעכענט, אַז די אָפּטימיסטישע

אידעען, וואָס ווערן געפּרעדיגט אין אַלע גאַסען, וועלען אָנצינדען אין דער וועלט אַ פייער פון סאָציאַלער איבערקעהרעניש. דעריבער איז, לויט זיין מיינונג, נויטיג איינרעדען די מאַסען, אַז זיי האָבען ניט וואָס צו ערוואַרטען אין דער צוקונפט; וועלען זיי פערשטעהן, אַז אַלעס, וואָס לעבט, ליידט און מוז ליידען, וועלען זיי פערשטעהן, אַז אַלע רעוואָלוציאָנערע אָנטשטרעננונגען זיינען איבריג און מוזען בלייבען רעזולטאַטלאָז. איבסען קוקט קיינמאָל ניט אַזוי אויף דער זאַך, ער שרעקט זיך ניט פאַר דער אונצופרידענהייט פון די מאַסען; ריהרט ער אָן דאָס סאָציאַלע, ווי אין „די זיילען פון דער געזעלשאַפט" און אין אַנדערע דראַמען, געהט ער צו פון מאָראַלישען שטאַנדפּונקט צו דער פראַגע. פויל זיינען גאַנצע ש י כ־ ט ע ן פון געזעלשאַפט, גאַנצע זיילען פון דער געזעלשאַפט צו־פאַלען און צושיטען זיך. ליידט עמיצער, ליידט ער אַ דאַנק זיין שולד אָדער עמיצענס פערברעכען. שלעכט איז די שטיקענדיגע אַטמאָספער פון אַ קליינער געזעלשאַפט; נור אין גרויסע געזעל־שאַפטען איז דאָ רוים פאַר העלדענטהאַטען. אַ ווינד פון דרויסען דאַרף קומען און אַ בלאָז טהאָן און פון אָטעם פון'ם גייסט פון וואָהרהייט און פרייהייט וועט געזונד ווערען די אַטמאָספער.

האָבענדיג די איבערצייגונג, אַז די וועלט איז אַ שלעכטע, האָט איבסען ניט געפיהלט קיין רחמנות צו מענשען; ער איז אין צאָרן אויף זיי. זיין פעסימיזם איז ניט קיין מעטאַפיזישער, נור אַ מאָראַלישער, וואָס איז געגרינדעט אויף דער איבערצייגונג, אַז דאָס אידעאַלע קען פערווירקליכט ווערען אין לעבען, אויב מענשען זאָ־לען וועלען, דאָס איז אַ פעסימיזם פון מאָראַלישער עמפּערונג. דאָס, וואָס איבסען'ען ריהרען ניט מענשליכע ליידען, נעממט זיך דערפון, וואָס ער גלויבט אין דער ערציהערישער קראַפט פון ליידען. די קליינינקע נשמות, די נעבעכדיגע מענשען קענען ווערען גרעסער נור פון ליידען. די בעגרענעצטע, נידריגע, פערשלאָפענע געזעל־שאַפטען קענען ווערען געזונדער נור אין דער אַטמאָספער פון מלחמות, מפּלות און נסיונות. איבסען, וואָס האָט אליין אויף זיך דערפיהלט, ווי אומגליקען שטאַרקען אַ מענש, ער, וואָס האָט

געטרונקען ביז'ן דעם פון'ם ביטערען געטראנק, צווייפעלט ניט, אז פון אומגליקען, צרות און ליידען ווערט גענעזען א מענש. גאַנץ קלאָר איז דאָס אויסגעדריקט אין דער דראמא „קיסר און גאַלי־לעער".

איבסען האָט, ווייזט אויס, זעהר שטארק זיך אינטערעסירט מיט'ן רוימישען קיסר יוליאַן: ער האָט געלעזען זיינע אייגענע ווערק; ער האָט געלעזען א וועלט וועגען איהם, אָבער ער אליין גיט אונז ניט קיין היסטאָריש־ריכטיגען געמעל פון דעם בעדייטענ־דען מענש. ער קוקט אויף יוליאַן'ען מיט די אויגען פון א כריסט; א גרויסע בעדייטונג שרייבט ער צו זיינע פערפאָלגונגען פון די כריסטען. לויט איבסען'ס מיינונג, האָט יוליאַן, פערפאָלגענדיג זיינע כריסטליכע אונטערטאַנען, דערמיט ערשט פערשטארקט און בעפעסטיגט דאָס כריסטענטום און אריינגעלאָזען אין איהם א ניי לעבען. יוליאַן איז א וועלט־היסטאָרישע קראַפט; יוליאַן האָט מיט זיינע פערפאָלגונגען די רעגענערירטע הויף־ און שטאַאטס־רעליגיאָן בענייט, רעסטאַוורירט אין איהר אַמאָליגען מערטירער־גלאַנץ און פרימיטיווער גייסטיגקייט. די כריסטען רייצען און ער־גערען דעם קיסר; ער בעשטראָפט זיי שטרענג, אָבער די שטראָף האָט גאָר אַן אונערוואַרטעטע ווירקונג. זיינע פריהערדיגע שול־קאַמעראַדען, דערזעלבער גריגאָרי, וועלכער האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט ענטשלישען צו עפּעס גרויסעס, איז שטענדיג געוועזען פער־נומען נור מיט זיינע קרובים, און א קליינעם קרייז און ניט געהאַט קיין קראַפט, „קיין מוט צו עפּעס העכערס", און דער אַנדערער, וואסילי, וואָס איז געזעסען ביי זיך אין גוט, געניסענדיג וועלטליכע חכמה, זיינען פלוצלונג, אין'ם פייער פון פערפאָלגונגען, געוואָרען „ווי לייבען", זיך אויפגעהויבען געגען איהם און אינגאַנצען אָפּ־בערגעגעבען זיך אין די הענד פון זייער גרויסען גוט.

## II

עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז אַן אוטאָר קען ניט אינ־גאַנצען אויסדריקען זיין פערזענליכקייט אין זיינע ווערק. עס

טרעפט, אז דער שרייבער איז אין לעבען גאָר ניט דאָס, וואָס מיר האָבען ערוואַרטעט צו זעהן, לעזענדיג איהם. דאָס קען מען ניט זאָגען וועגען הענריק איבסען׳ען. ער גלויבט אין די אידעען, וועלכע ער דריקט אויס, זיי זיינען איהם טאַקי טייער; ער פּאַראַדירט ניט מיט זיי צוליב ליטעראַרישע צוועקען, ער האַלט פון זיי. דאָס קען איך בעהויפּטען אויף׳ן גרונד פון קאָרעספּאָנדענץ מיינער מיט איבסען׳ען און אונזערע געשפּרעכען אין פערשיעדענע צייטען. איבסען האָט ליעב געהאַט אמאָל צו זאָגען אַ וויץ, אַ פּאַראַדאָקס, אַ מעטאַפאָר, וואָס זיינען זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין פּערזענליכקייט. יאָהרען זיינען פערגאַנגען, איך געדענק ניט, פערשטעהט זיך, די ווערטער בוכשטעבליך, אָבער דער תוך האָט זיך מיר איינגעקריצט שטאַרק אין זכרון. אַזעלכע ווערטער, ווי אויך בעמערקונגען, וואָס זיינען צוזעהט אין זיינע בריעף צו מיר, וועלכע ער האָט מיר ערלויבט צו פערעפענטליכען, וועלען אונז העלפען צייכנען אַ שאַרפערען פּראָטעסט פון׳ם דיכטער און פערשטעהן בעסער און טיעפער דעם גרויסען מענש.

ווען פראַנקרייך איז אין׳ם יאָהר 1870 געלעגען אַ צוטראָטענע, אויסגעהענדיג מיט בלוט, צו דייטשלאַנד׳ס פיס, איז איבסען, וואָס האָט סימפּאַטיזירט מיט פראַנקרייך, ווייט ניט געווען אַזוי דערשלאָגען און פערטרויערט, ווי די אנדערע אין די סקאַנדינאַווישע לענדער. אין דערזעלבער צייט, וואָס אַלע פריינד פון פראַנקרייך האָבען געקלאָגט אויף איהר בראָך, האָט איבסען געשריבען (דעצעמבער, 1870):

„... די וועלט־געשעהענישען פערנעמען מיך איצט גאַנץ שטאַרק. דאָס אַלטע, אילוזאָרישע פראַנקרייך איז צובראָכען אויף שטיקלעך; איצט דאַרף נאָך דאָס היינטיגע, רעאַליסטישע פּרייסען צופאַלען, און מיר וועלען האָבען אריינגעשפּרונגען אין אַ נייע, בעסערע צייט. אָה! ווי וועלען זיך אונזערע אידעען צולויפען דערשראָקענע! שוין לאַנג צייט געווען צו שיידען זיך מיט זיי. ביז היינטיגען טאָג האָבען מיר אַליץ געלעבט אין׳ם זכות פון די ברעקלעך, וואָס זיינען אראָפּגעפאַלען אין׳ם רעוואָלוציאָנערען טיש

פון'ם פערגאַנגענעם יאָהרהונדערט; מיר האָבען די דאָזיגע שפּייז שוין נענוג געקייט און אריבערגעקייט. אין די אַלטע בעגריפען מוז אַריינגעגאָסען ווערען נייער אינהאַלט, זיי מוזען פּערטייטשט ווערען אויף'ס ניי. פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט זיינען היינטיגע צייטען שוין ניט מעהר דאָס, וואָס זיי זיינען געווען אין די צייטען פון דער זעליגער גיליאָטינע. דאָס ווילען ניט די פּאָליטיקער פערשטעהן, און דערפאַר האָב איך זיי פיינד. די דאָזיגע מענשען שטרעבען צו דרויסענדיגע רעוואָלוציאָנען, צו טיילווייזע, פּאָליטישע רעוואָלוציאָנען, דאָס אַלץ איז נארישקייטען. וויכטיג איז די רעוואָלוציאָן פון'ם מענשליכען גייסט".

יעדער איינער, וואָס לעזט דאָס, בעמערקט באַלד, אז איבסען איז אַן היסטאָרישער אָפּטימיסט, ווי איך האָב שוין פריהער געזאָגט. ווי סקעפּטיש ער בעציהט זיך ניט צום לעבען בכלל, ערוואַרטעט ער דאָס בעסטע פון דער צוקונפט, האָט דעם טיפסטען צוטרויען צום נייעם לעבען, וועלכעס וועט געבאָרען ווערען אין אומגליק און ליידען. איבסען געהט נאָך ווייטער. ער גלויבט, אז די אידעען ווערען פערגליווערט, פערלירען זייער קראַפט, ווי נור זיי בירגערען זיך איין, פּאָדערען ניט קיין אָנשטרענגונג און אויפאָפּפערונג פון זייערע אָנהענגער, מיט איינעם וואָרט, ווי נור די קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט זיי געבאָרען, הערט אויף צו האַלטען אין אָנשטרענגונג די גייסטער. איבסען שרעקט זיך אפילו ניט פאַר'ן שרעקליכען קלאַנג פון דעם גיליאָטינען־מעסער; הארמאָניש קלינגט ער אין זיינע אויערען און שוואַכט ניט אָב זיין אָפּטימיסטישע רעוואָלוציאָנערע וועלט־אנשויאונג. א בעדייטונג האָט, לויט איבסען'ס מיינונג, ניט די אינערסטע פרייהייט, ניט די פרייהייט, וואָס איז שוין פערגליווערט געוואָרען אין טויטע פאָרמען, נור די אקטועלע, אקטיווע פרייהייט, וואָס קעמפּפט און שטרעבט אַלץ ווייטער. לעסינג האָט אמאָל געזאָגט, אז ווען גאָט וואָלט געהאַט אין דער רעכטער האַנד דעם אמת, און אין דער לינקער — דאָס זוכען פון אמת, און וואָלט איהם געהייסען קלייבען, וואָלט ער א כאַפּ געטהאָן גאָט'ס לינקע האַנד; איבסען וואָלט געקאָנט זאָגען האָסזעלבע,

ווען אויף'ן אָרט פון „אמת" וואָלט געשטאַנען דאָס וואָרט „פּריוי־הייט". אויב ער האָט פּעראַכטונג צו די פּאָליטיקער, איז דאָס דערפאַר, וואָס זיי בעטראַכטען די פריייהייט ווי עפּעס א טויטע, דרויסענדיגע, זעלענלאָזע ערשיינונג — און ניט ווי אַן אינערע איבערלעבונג.

מיט איבסען'ס אָפּטימיסטישער, אַזוי צו זאָגען, פּעדאַגאָגישער קאָנצעפּציאָן פון ליידען, ערקלערט זיך אין א גרויסער מאָס זיין ליידענשאַפטליכער וואונש, אַז נאָרוועגיען זאָל העלפען דענעמאַרק אין איהר קאַמפּף מיט דייטשלאַנד. פערשטעהט זיך, אַז אויף איב־סען'ען, ווי אויף אַנדערע סקאַנדינאַווען, האָט געהאַט א ווירקונג די נאָהענטקייט פון די צוויי סקאַנדינאַווישע נאַציאָנען; זיי האָ־בען אויך ניט געקענט רוהיג בלייבען, זעהענדיג, ווי דייטשלאַנד צוטרעט דענמאַרק און לאַכט זיך אויס פון איהרע אייגענע פייער־ליכע פערשפּרעכונגען. אָבער נור אַזאַ אָפּטימיסט, ווי איבסען, האָט געקענט איינגאַנצען רעכנען זיך מיט'ן פּראַקטישען נוצען, וואָס נאָרוועגיען'ס אריינמישונג אין דער מלחמה האָט געקענט ברענגען דער ברודער־נאַציאָן; דאָס האָט איהם גאָרניט געאַרט. א בעקאַנ־טער האָט, פּאָלעמיזירענדיג מיט איבסען'ען, פּלוצלונג אויסגע־שריען: „אָבער וויפיעל קלעפּ וואָלט נאָרוועגיען געכאַפּט?" איב־סען האָט רוהיג געענטפערט: „אודאי וואָלטען מיר געכאַפּט קלעפּ — און שטאַרקע, אָבער דאָס וואָלט אונז ניט געשאַדט. מיר וואָלטען אריינגעצויגען געוואָרען אין'ם וועלט־שטראָם, מיר וואָלטען דערפיהלט אונזער אייראָפּעאישקייט, און ניט געשטאַנען אָן א זייט!"

איך דערמאָן זיך אָן א זעהר כאַראַקטעריסטישען געשפּרעך מיט איבסען'ען וועגען רוסלאַנד. נעוועז איז דאָס אין'ם יאָהר 1894. איבסען האָט שטאַרק געלויבט די אבסאָלוטיסטישע רוס־לאַנד. א וואונדערבאַר לאַנד, — האָט ער געזאָגט שמייכלענדיג. היינט די פערפאָלגונגען — ס'אַרא הערליכע זאַך.

— הערליכע פערפאָלגונגען, ווי קען דאָס געמאָלט זיין? — האָב איך איהם איבערגעריסען.

— געווים ! גיט נור א טראכט, וואָס פאַר א וואונדערבאַרע ליעבע צו פרייהייט די שרעקליכע פערפאָלגונגען מוזען ארויסרופען. אין רוסלאַנד האָבען נאָך מענשען אמת ליעב פרייהייט און זיינען גרייט צו ברענגען אָפּפער פאַר איהר. וויפיעל האָט איהר אזעלכע לענדער אין דער גאַנצער וועלט ? דערפאַר שטעהט די רוסישע דיכטונג און קונסט אויף אזא הויכער שטופע. האָבען אזא דיכטער, ווי טורגעניעוו, איז האָס א קליינינגקייט ? און זיי האָבען טורגעניעווס אויך אין דער מאַלעריי. מיר קענען זיי צום בערויערען ניט. איך האָב געזעהן א פּאָר בילדער זייערע אין וויען.

— אויב די אַלע גוטע זאכען זיינען דער רעזולטאַט פון פערפאָלגונגען, — האָב איך בעמערקט — דאַרפען מיר גאָר דאַנקבאַר זיין די אונטערדריקער, און די רוט — געפעלט אייך אויך ? אָבער שטעלט זיך פאָר אויף א מינוט, אז איהר זייט א רוסישער מענש און אייער קליינעס אינגעל (וועלכער איז געשטאַנען דערביי) וואָלט מען דערלאַנגט מיט דער רוט ! וואָס וואָלט איהר דאַמאָלס געזאָגט ?

איבסען האָט געשוויגען א ווײלע ; אויף זיין געזיכט האָט מען ניט געקענט לעזען, וואָס ער טראַכט און פיהלט אין דער צייט. דערנאָך האָט ער געזאָגט שמייכלענדיג : „אָ, דער וואָלט ניט געכאַפּט שמיץ, ער וואָלט אַנדערע געשמיסען". אין דעם וויציגען ענטפער דערקענט מען דעם מענש איבסען. ער האָט טאַקי אזוי געטהאָן ; יאָהרען לאַנגע האָט ער געהאַלטען אין איין שמייסען זיינע צייטגענאָסען. וואָס איז שייך רוסלאַנד, ווילען מיר גלויבען, אז שוין קומט די צייט, ווען די גוט־פערדינטע שמיץ וועלען כאַפּען די אונטערדריקער פון פאָלק.

עס איז ניט קיין וואונדער, וואָס, האָבענדיג אזעלכע מיינונגען, איז איבסען גאָרניט געוואָרען ענטציקט פון דער נאַכריכט, אז דאָס פּאַפּסטליכע רוים איז פערנומען געוואָרען פון דער רעוואָלוציאָנערער איטאַליענישער אַרמעע. א פערטרויערטער שרייבט ער מיר :

„... האָט מען, הייסט עס, ביי אונז, פשוטע שטערבליכע, צו־

גענומען רוים אויך און אַבגעגעבען עס צו פּאָליטיקער. וואו זאָלען מיר זיך איצט בעהאַלטען? רוים איז געווען די איינציגע אמת־פרייע שטאָדט אין איירָאפּא. איהר פרייהייט איז געווען אַן אמת'ע, ניט אַ פּאָליטישע, נור די פרייהייט פון'ם טיראַנישען יאָך פון פּאָליטיק... און דערצו די ערליכע בענקשאַפט נאָך פרייהייט — אויך זי איז פערשוואונדען איצט. איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב ליעב ניט פרייהייט, נור דעם קאַמפּף פאַר פרייהייט. צי וועט ער זיך ענדיגען מיט פרייהייט — אינטערעסירט מיך וועניג".

מיר דוכט, אַז דער דאָזיגער קוק אויף פּאָליטיק איז פון איין זייט אַן אָבקלאַנג פון דער ראָמאַנטישער שטימונג מיט איהר פיינדשאַפט צום פראַקטישען, נוצליכען, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די ראָמאַנטיקער פון אַלע לענדער און צייטען, און פון דער אַנדערער זייט דריקט עס אויס עפּעס פּערזענליכעס, עפּעס איבסען'ישעס, נעמליך דעם גלויבען אין דעם איינצעלנעם און די ליעבע צו ענטשיידענדע, ראַדיקאַלע דילעמען. אַ מענש, וואָס האָט פּראָקלאַמירט דעם לאָזונג „אַלעס אָדער גאָרנישט" („בראַנד") קען קיינמאָל ניט שלום ווערען מיט דעם לאָזונג פון'ם פּראַקטישען פּאָליטיקער —„פּאָרווערטס טראָט ביי טראָט". איך רעכען, אַז איבסען'ס גרויסע ליעבע צו רוסלאַנד ערקלערט זיך אין אַ געוויסער מאָס דערמיט, וואָס רוסלאַנד איז אָבגעהיט געוואָרען פון די פּאַרלאַמענטאַרישע אָרדנונגען. איבסען האָט מיט'ן גאַנצען האַרצען פיינד אַלעס פּאַרלאַמענטאַרישע; ער גלויבט נאָר אין דעם איינצעלנעם, אין דעם גרויסען מענש. ער ערוואַרט גאָרנישט פון אַ פּאַרלאַמענט, וואָס איז אין זיינע אויגען ניט מעהר, ווי אַן אגלאָמעראַט פון פּלאַפּלער און דילעטאַנטען. אָבער דאָס האָט ניט געשטערט איהם צו אַכטען איינצעלנע פּאַרלאַמענטאַריער אַלס מענשען.

דעריבער האַלט זיך איבסען ביי די זייטען פון געלעכטער, לעזענדיג אין די צייטונגען אַזעלכע בעריכטען: „און באַלד נאָך דעם איז אויסגעקליבען געוואָרען אַ קאָמיסיאָן", אָדער „אַ פעראיין איז געגרינדעט געוואָרען". אַ צוקראָכענקייט פון אונזער צייט

זעהט ער דערין, וואָס וויבאלד עמיצער האָט עפּעס אַן איינפאַל, אַן אידעע, אַ פּלאַן, געהט ער ניט אליין פעו יוירקליכען דאָס, נור אָרגאַניזירט פעראיינען, גרינדעט קאָמיסיאָנען און ווארט, אַז זיי זאָלען פערווירקליכען זיינע חלומות. דערמאָנט זיך אַן דעם סאַר־קאַסטישען געלעכטער, וועלכער הילכט אָב אין דער קאָמעדיע „דער פעראיין פון דער יוגענד“.

מיר דוכט זיך, אַז איבסען, וואָס איז געווען שטענדיג פערטיפט אין זיך, האָט דערפיהרט זיין אינדיווידואַליסטישקייט צו אַזעלכע עקסטרעמען, פון וועלכע מען קען האָבען אַ שוואַכע פאָרשטעלונג, לעזענדיג איהם. ער איז פערגאַנגען נאָך ווייטער פון סיקירקע־גאַרד'ן, וועלכען ער דערמאָנט אונז בכלל אַזוי שטאַרק. איבסען איז אַ הייסער געגנער פון דעם היינטיגען שטאַאַט. דאָס הייסט ניט, אַז איהם געפעלען מעהר אָבגעזונדערטע קאָמונען, קליינע, בעגרענעצטע געזעלשאַפטען. קיינעם עקעלט ניט אַזוי שטאַרק, ווי איבסען'ען, פון דער טיראַנישקייט און בעגרענעצטקייט, וואָס איז אייגענטימליך אַזעלכע געזעלשאַפטען. ווער האָט נאָך אַזוי ליידענ־שאַפטליך, ווי איבסען, געפאָדערט, אַז די סקאַנדינאַווישע קליינע מלוכות זאָלען פאָלגען דעם ביישפּיעל פון איטאַליען און דייטש־לאַנד און זיך פעראייניגען זיך אין איין פּאָליטישעס גאַנצעס? וואָס איז די בעדייטענדסטע דראַמאַ זיינע, „די פּרעטענדענטען אויפ'ן טראָן“, אויב ניט אַ רעכטפערטיגונג פון דער ראָזיגער צענ־טראַליזאַציאָנס־אידעע? ער איז אַזוי בעגייסטערט פון דער אי־דעע, אַז ער בעמערקט גאָר ניט, ווי געפעהרליך צענטראַליזאַציאָן קען ווערען פאַר'ן גייסטיגען לעבען. קיינמאָל איז איטאַליען ניט געשטאַנען אַזוי הויך קינסטלעריש, ווי גראָד אין יענער צייט, ווען סיענאַ און פלאָרענץ האָבען געלעבט אַן אָבגעזונדערט לעבען; דייטשלאַנד האָט זיך קיינמאָל אין איהר געשיכטע ניט דערהויבען אַזוי שטאַרק, ווי אין יענע יאָהרען, ווען קעניגסבערג (קאַנט) און וויימאַר (שילער—געטע) זיינען געווען צוויי אייגענאַרטיגע פּאָלי־טיש־קולטורעלע צענטרען. איבסען איז צענטראַליסטיש, און דאָך חלומ'ט ער פון דער צייט, ווען דער שטאַאַט וועט געבען מעהר

פרייהייט דעם אינדיווידום און דער קאָמונע און וועט, מיט איין וואָרט, אויפהערען צו עקזיסטירען אין זיין איצטיגער פאָרם. איבּ־סען לעזט ווענינ און זיכער ניט פון ליטעראַרישע קוועלען דערוויסט ער זיך וועגען אונזער צייט — און דאָך דוכט זיך מיר אָפט, אז ער איז עפּעס אויף א געהיימניספאָלען וועג פערבונדען מיט די אידעען, וואָס ווערען געבאָרען אין דעם שויס פון דער מאָדערנער צייט. איך האָב איינמאָל געהאַט א געלעגענהייט צו איבערצייגען זיך, אז איבסען'ען האָבען אינטערעסירט אידעען, וועלכע זיינען שוין טאַקי היסטאָריש רייף געוואָרען, אָבער נאָך האָט זיי קיינער ניט בעמערקט; זיי האָבען איהם געפּייניגט. איך געדענק, ווי באַלד נאָך'ן פראַנצויזיש־פרייסישען קריעג, ווען אַלע האָבען נאָך געטראַכט וועגען דער גרויסער מלחמה, און קיין סקאַנדינאַווישער איז ניט איינגעפאַלען, אז עס איז מעגליך עפּעס עהנליכעס ווי די פּאַריזער קאָמונע, האָט איבסען ענטוויקעלט פאַר מיר פּאָליטישע אידעען, וועלכע איך האָב דאַמאַלס ניט גוט פערשטאַנען און וועלכע זיינען זיכער געווען זעהר עהנליך צו יענע פּרינציפּען, וואָס זיינען פּראָקלאַמירט געוואָרען אין א מאָנאַט שפּעטער אין א קאַריקאַטור־רענהאַפטער פאָרם פון דער פּאַריזער קאָמונע. אין'ם יאָהר 1879 (18 פעברואַר) האָט מיר איבסען געשריבען:

„קעמפּפען פאַר פרייהייט איז דער תוך פון פרייהייט. דער, וואָס האָט שוין פרייהייט, ווי עפּעס פערענדיגטעס, עפּעס אזוינס, נאָך וואָס מען דאַרף ניט שטרעבען מעהר, האַלט אין האַנד עפּעס טויטעס, זעלענלאָזעס, ווייל די אידעע פון פרייהייט האָט אין זיך די אייגענשאַפט, אז זי ווערט פערטיפט אזוי לאַנג, ווי איהר זייט אויף'ן וועג צו איהר. וויל אָבער אימיצער אין צייט פון קאַמפּף בלייבען שטעהן, זאָגענדיג: איך האָב שוין די פרייהייט, בעווייזט ער דערמיט נור, אז ער האָט זי שוין פערלאָרען. אָבער גראָד די דאָזיגע פערגליווערונג פון פרייהייט איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדען פּאָליטישען קערפּער און נעגען איהר בין איך ארויסגעטראָ־טען ניט איין מאָל. אודאי איז ניט ווערט צו האָבען וואַהלרעכט, קענען בעשטימען די שטייערען, אָבער ווער האָט נוצען פון די

אלע פרייהייטען? דער בירגער, אָבער ניט דער מענש, דער אינדי־וויד. עס האָט קיין זין ניט פאַר'ן אינדיווויד צו ווערען בירגער. פאַר־קעהרט. דער שטאַאט איז א קללה פאַר איהם. ווי אַזוי איז שטאַרק געוואָרען פרייסען? טאַקי דערמיט, וואָס זי האָט דעם איינצעלנעם פערוואַנדעלט אין א פּאָליטישען און געאָגראַפּישען בעגריף. דער קעלנער איז דער בעסטער זעלנער. און פון דער אנדערער זייט נעהמט די אריסטאָקראַטישסטע פון אַלע נאַציאָנען, די אידישע! ווי אַזוי האָט זי געקענט דערהאַלטען איהר אינדי־ווידואַליטעט, ניט קוקענדיג אויף דער ברוטאַליטעט פון דער ארו־מיגער וועלט? דאָס ערקלערט זיך דערמיט, וואָס זיי האָבען ניט געראַרפט טראָגען אויף זיך די לאַסט פון שטאַאטסלעבען. ווען זיי וואָלטען פערבליבען אין פּאַלעסטינאַ, וואָלטען זיי שוין לאַנג פער־לאָרען געגאַנגען, בויענדיג און אויפהאַלטענדיג זייער שטאַאטס־לעבען. נידער מיט דעם שטאַאט! אין דער דאָזיגער מלחמה וואָלט איך זיך מיט פערגניגען בעטייליגט. רייסט אויף דעם בע־גריף „שטאַאט“, בעפרייט דעם ווילען, זעהט, אז אינטואַציאָן און גייסטיגע פערוואַנדשאַפט זאָלען זיין די איינציגע מאָמענטען, וואָס פעראייניגען מענשען און איהר וועט ענדליך האָבען דערגרייכען אביסעל פרייהייט, אביסעל אמת'ע פרייהייט, וואָס האָט ווירקליך א ווערט. פּאָליטישע ענדערונגען זיינען א שפּיעל, א מעהר אָדער וועניגער געלונגענער, און אין תוך איז דאָס אַלץ א נארישקייט. דער שטאַאט האָט וואָרצלען אין דער צייט; אין דער צייט וועט ער אויך דערגרייכען זיינע העכסטע שפּיצען. גרעסערע, וויכטיגערע ערשיינונגען, ווי דער שטאַאט, וועלען זיך צופאַלען; אַלע היינ־טיגע רעליגיאָנען וועלען פערשווינדען. ניט די מאָראַלישע קאָנ־צעפּציאָנען, ניט די קינסטלערישע פאָרמען זיינען אייביג. וואָס צווינגט אונז אייגענטליך צו האַלטען זיך מיט די דאָזיגע אָבשטאַר־בענדע פאָרמען? ווער וועט מיר גאַראַנטירען, אז צוויי מאָל צוויי איז ניט פינף אויף'ן פּלאַנעט יופּיטער?“

הענריק איבסען האָט אודאי ניט געוואוסט ניט פון דעם אנאָ־נימען אוטאָר, וואָס האָט אָנגעשריבען אין ענגליש א בראָשור, כדי

צו בעווייזען אויף א שארפזיניגען און פּאראַדאָקסאַלען אופן, אז צוויי מאָל צוויי קען זיין פינף אויף'ן יופּיטער; ער האָט, אודאי, אויך ניט געוואוסט, ווי שטארק די לעצטע שורות זיינע וואָלטען געפעלען סטיוארט מיל'ן און די אנדערע אָנהענגער פון'ם עמפּירי־שען ראדיקאַליזם. אזא פערשטאנד האָט שוין געהאט איבסען, אז איהם האָט אינסטיקטיוו געצויגען צו אוניווערסאַלען סקעפּטיציזם; און דאָך זייענדיג סקעפּטיש, האָט ער אין דערזעלבער צייט געהאט א קרעפטיגען פּראַקטישען גלויבען. אין איינער פון זיינע ערשטע ווערק („בראנד") לעגט ער אריין בראנד'ן אזעלכע ווערטער:

„איך וויל ניט פערשטארקען קיין דאָגמען און קיין קירכען, ווייל יעדע דאָגמע און קירכע האָט געהאט איהר פריהמאָרגען, און אזוי ווי זי איז געבאָרען געוואָרען, איז מעגליך, אז זי זאָל אויס־געהן. אלעס בעשאַפענע פערגעהט סוף כל סוף, ווערט אויפגעפרע־סען פון ווערים און מוז אָבטרעטען אָרט צו נאָך ניט געבאָרענע פאָרמען, לויט נאָרמען און געזעצען".

די דאָזיגע ווערטער בראנד'ס ווערען גוט קאָמענטירט פון איבסען'ס א ציטאטע, וועלכע איך ערלויב מיר צו נעמען פון זיין בריף צו מיר, ניט מורא האָבענדיג, אז איבסען'ס מיינונגען ווע־גען דער קאָמונע קענען ערשיטערען זיין אויטאָריטעט. האָט דאָך ביסמארק אליין געזאָגט, אז אין די אָנשטרענגונגען פון דער קאָמונע איז געווען פּארבעהאלטען „א קערן פון געזונטען מענשענפער־שטאנד". דעם אכצעהנטען מאי, 1871, האָט איבסען געשריבען מיר:

„איז דאָס ניט מיאוס פון דער זייט פון דער פּאריזער קאָמונע, וואָס זי האָט אינגאנצען צונישט געמאכט מיין שטאאטס־אידעע אָדער ריכטיגער מיין נעגאציאָן פון יעדער שטאאטס־אידעע? איצט איז מיין אידעע קאָמפּראָמיטירט אויף יאָהרען; איך קען זי ניט אפילו בעזינגען אין פּערזען. אין איהר איז אָבער געווען א גע־זונדער קערן, דאָס זעה איך קלאָר און איך האָף, אז זי וועט נאָך ווען עס איז פּערווירקליכט ווערען אין א ריינער, ניט־קאריקאטו־רענהאפטער פאָרם".

די ווערטער בעווייזען, אז איבסען האָט אויף א געניאַלען אופן פאָראויסגעזעהן דאָס, וואָס האָט געגעהרט אין׳ם בעוואוסטזיין פון דער צייט.

פערהערליכענדיג דעם איינצעלנעם, האָט איבסען גאַנץ נאַטירליך געמוזט ארויסטרעטען אין קאמפף מיט די קרעפטען, וואָס בעגרענעצען דעם אינדיווידו. ער איז געווען אין אָפּאָזיציאָן אי צום שטאאט, אי צו דער געזעלשאפט. איך בין ניט זיכער, אז איך האָב געכאַפּט דעם זין פון זיינע פיליפּיקען געגען געזעלשאפט און שטאאט. זיינע געדאַנקענגאַנגען זיינען מיר גאַנץ פרעמד. איך פערשטעה לאָרענץ פאָן שטיינ׳ען אָדער גנייסט׳ן, וואָס האָבען ענטדעקט אין דער געשיכטע פון היינטיגער צייט א שטענדיגען קאמפף צווישען שטאאט און געזעלשאפט און קעמפּפען געגען די פּריוויליגיען און פּריוויהייטען פון דער געזעלשאפט אין׳ם נאָמען פון מעכטיגען, אליינהערשענדען שטאאט; איך פערשטעה אויך די אנארכיסטישע טעאָרעטיקער, וואָס האסען דעם שטאאט, ארויסגעהענדיג פון א נייער קאָנצעפּציאָן פון דער געזעלשאפט, — אָבער איך בעגרייף ניט, ווי אזוי קען מען, ווי איבסען, זיין אי געגען דעם שטאאט, אי געגען געזעלשאפט.

איבסען האָט א געפיהל, אז די פּערזענליכקייט איז ארומגערינגעלט פון אַלע זייטען מיט געפאַהרען; ער האָט מורא, אז די שארף פון פּערזענליכקייט זאָל ניט אָבגעשטומפּט ווערען. איבסען גלויבט, אז דער איינצעלנער מוז אליין שטעהן, זיין אבסאָלוט פריי, אָברייסען זיך פון אַלע סאָציאַלע פערבינדונגען, כדי די פּראָדוקטיווע מעגליכקייטען זיינע זאָלען זיך קענען ענטוויקלען. דעריבער קוקט איבסען מיט פערדאַכט אויף פריינדשאַפט, אויף הייראַט, וואָס רייסען זיך אריין אין׳ם לעבען פון אינדיווידו און פיהרען איהם אראָב פון זיין אינדיווידועלען וועג. אין מיין יוגענד האָב איך אמאָל געשריבען איבסען׳ען, פיהלענדיג זיך זעהר דערשלאָגען, אז איך בין אליין, האָב ווייניג פריינד און אפשר גאָר קיין פריינד ניט. אינטערעסאנט איז איבסען׳ס ענטפער (מערץ 6, 1870):

„... איהר זאָגט, אז איהר האָט קיין פריינד ניט; איך האָב

מיר דאָס שוין לאַנג פאַרגעשטעלט. יעדער איינער, וואָס גיט זיך איבער מיט לייב און לעבען זיין לעבענסארבייט, קען ניט ערוואַר־טען, אז זיינע פריינד זאָלען בלייבען איהם טריי. פריינד זיינען א צו גרויסער לוקסוס־ארטיקעל, און דער, וואָס האָט אריינגעלעגט זיין קאפיטאל אין א בערוף אָדער עפּעס אַן ארבייט, וואָס איז איהם טייער, האָט ניט קיין רעכט צו האָבען פריינד. האלטען זיך מיט פריינד איז טייער ניט דערפאַר, וואָס זיי פאָדערען פון אונז, אז מיר זאָלען עפּעס טהון זיי צוליעב, נור דערפאַר, וואָס צוליב זיי פערלאָזען מיר אונזער ארבייט, האָבען ניט דעם מוט צו טהאָן אלץ, וואָס מיר דארפען טהון. אונזער אינטעלעקטועל לעבען ליידט דער־פון שטארק. איך האָב דאָס אויף זיך אויסגעפּרואווט, און דערי־בער זיינען יאָהרען פערגאַנגען, איידער איך בין אימשטאנד געווען צו ווערען אונאבהענגיג, איך אליין...“

פיהלט זיך דען ניט איבסען’ס בעדערפניש אין אונאבהענגיגקייט און דאָס בעוואוסטזיין פון זיין איינזאַמקייט אין די איראָנישע ווערטער ווענען „פריינד — דעם טייערען לוקסוס־ארטיקעל“? דארפען מיר ניט אין די דאָזיגע ווערטער זוכען די וויכטיגסטע ער־קלערונג פון דער ערשיינונג, וואָס איבסען’ס אָריגינאליטעט האָט זיך אזוי שפּעט געלאָזט פיהלען? עס איז קלאָר, אז אין אָנהויב פון זיין פּאָעטישער קאריערע איז איבסען גאָר ניט געווען זיכער אין זיך.

אויב פריינדשאפט קען אונטער געוויסע בעדינגונגען שטערען דער ענטוויקלונג פון דער זעלבסטשטענדיגקייט פון’ם אינדיוויד, קען די הייראט אָפּט אויך ווירקען אין דערזעלבער ריכטונג. דערי־בער וויל ניט נאָרא אָנערקענען איהרע פליכטען צום מאַן און קינ־דער אלס איהרע הייליגסטע פליכטען. זי האָט נאָך וויכטיגערע פליכטען צו זיך אליין, זאָגט זי. טאקי דערפאַר ענטפערט זי אויף העלמער’ס ווערטער: „דו ביסט פריהער פאַר אלעמען און מעהר פון אלעמען מוטער און ווייב“, מיט אזעלכע רייד:

„און איך רעכען, אז איך בין פריהער פון אלעמען און מעהר

פון אלעמען א מענש — יערענפאלס דאס וועל איך פּראווען ווערען".

איבסען איז איינפערשטאנען מיט קירקעגאָרד'ן, אז אין יעדען איינעם מענשען ליגט א גרויסע אונבעוזינבארע קראפט; אין מיר און אין דיר איז פערבאָרגען די זעעל פון א קעמפּפער. דער אונ־טערשיד צווישען קירקעגאָרד'ן און איבסען'ען איז נור דער, וואס קירקעגאָרד האלט די פּערזענליכקייט פאר א איבערנאטירליכע קראפט, אָבער איבסען זעהט אין איהר עפּעס ערדישעס; זי העננט אָב ניט נור פון העכערע קרעפטען, נור פון זיך אליין. און אזוי ווי יעדען מענש דארף זיין פריי, א גאנצע פּערזענליכקייט, טייטשט ער אויס יעדען קאָמפּראָמיס מיט דער דרויסענדיגער וועלט, ווי עפּעס בייזעס, ווי דעם טייוועל'ס ווערק. מיר זיינען איצט צוגע־קומען צו דער אידעע פון „בראנד". הערט, וואס „בראנד" זאָגט:

„פון די אלע צוזעהטע פראגמענטען פון דער נשמה, די אלע טאָרפען פון גייסט, די קעפּ, הענד, וועט מיט דער צייט בעשאפען ווערען עפּעס גאנצעס, א העלד, אין וועלכען דער אויבערשטער וועט ווידער דערקענען דעם מענשען, זיין גרעסט ווערק, זיין יורש אדם'ען, דעם יונגען און שטארקען".

דעריבער ווערט „אלעס אָדער גאָרנישט" בראנד'ס דעוויז; אפילו אין דער לעצטער שעה, אין'ם אָנגעזיכט פון'ם טויט, ווערט בראנד ניט מילדער. אויף'ן גייסט פון קאָמפּראָמיס קוקט ער, ווי אויף'ן שטן, וואס בעט איין פינגער, און גיסטו איהם דעם פינגער, וועט ער די גאנצע האנד ארייננכאפּען. דערזעלבער „גייסט פון קאָמפּראָמיס" בעוויזט זיך אויך אין „פּיער גינט", אין דעם גע־שטאלט פון'ם הויקערער, וואס איז א פּערקערפּערונג פון אלעם פיי־גען, בויגיגען, וואקעלדיגען אין דער מענשליכער נאטור:

— פּערטיידיג זיך!

— דער הויקערער איז נאָך ניט פעהיג געוואָרען.

— שלאָג זיך!

— דער הויקערער שלאָגט זיך קיינמאָל ניט.

— קעמפּף! דו מוזט קעמפּפען!

— דער מעכטיגער הויקערער זיגט ניט קעמפפענדיג.

דער מעכטיגער הויקערער געווינט שטענדיג מיט גוטען.

בעפרייען די מענשליכע ראסע פון דעם הויקערער׳ס שטי־קענדע אָרעמס, כאַפּען דעם גייסט פון קאָמפּראָמיס, אריינטוארפען טיף־טיף אין וואסער, דאָס איז דער ציל, וועלכען איבסען האָט זיך געשטעלט אלס דיכטער. די דאָזיגע בעפרייאונג פון דעם אינדיוויד איז יענע רעוואָלוציאָן, די איינציגע, וועלכע איבסען פּרעדיגט.

איינמאָל האָב איך געפרעגט העגריק איבסען׳ען: „צי איז פאַרהאַן צווישען אלע דענישע דיכטער אפילו איינער, וואָס אינ־טערעסירט אייך וויפיעל ניט איז איצט (1871) אויף דער איצ־טינער שטופע פון אייער ענטוויקלונג?“ א לאַנגע צייט האָט ער געשוויגען און דערנאָך אזוי געענטפערט: „עס איז אמאָל געווען אַן אַלטער מענש אין זעעלאַנד, וואָס איז געגאַנגען ארום זיין אַקער אין פויערישע קליידער און האָט מיט צאָרניגע, פיינדליכע אויגען געקוקט אויף דער וועלט. ע ר געפעלט מיר“. איז דאָס ניט אינ־טערעסאנט, אז ברעדאַל איז נאָהענטער איבסען׳ס הארץ מעהר פון אלע דענישע דיכטער! ברעדאַל איז אויך געווען א מעלאַנכאָלישע, פעסימיסטישע נאַטור. ער איז ניט געווען קיין טיפער פסיכאָלאָג, אָבער אין זיין פאַטאָס הערען זיך שוין די דונערען, וואָס זאָגען אָן, אז באלד וועלען זיך דורכטראָגען איבסען׳ס בליצען. ברעדאַל האָט בעמערקט נור די דרויסענדיגע, רויהע היפּאָקריטישקייט און טיראַ־ניי פון מענשען; איבסען דרינגט שוין דורך אין די פערבאָרגענסטע געהיימניסען פון׳ם מענשליכען הארץ. ער איז עהנליך צו איבסען׳ס רעוואָלוציאָנערען רעדנער, וועלכער „פערפלייצט די פעלדער פון דער וועלט מיט די שטראָמען פון זיין מליצה“.

איבסען איז גרינדליכער, ראדיקאַלער, „א גליקליכער, וואָס טאָרפעדירען קען ער דעם ארון הייליגען“. איבסען איז א רעוואָ־לוציאָנערע נאַטור, דאָס הייסט ניט, אז ער חלומט וועגען דרויסערע רעוואָלוציאָנען, פּאָליטישע רעוואָלוציאָנען. פארקעהרט: ווי איינ־זאם ער איז ניט און איזאָלירט און פיינדליך צו אלע פּאַרטייען, איז ער אין תוך קאָנסערוואטיוו; זיין קאָנסערוואטיזם איז אָבער

אן איינענארטיגער, ער נעמט זיך פון א ראדיקאלער פאזיציאן, ער וויל ניט קיין קליינע רעפארמען, ווייל ער ערוואַרטעט גאַרנישט פון רעפאַרמען. אין דער טיפעניש פון זיין נשמה איז ער אן ענט־שלאָסענער רעוואָלוציאָנער, אבער די רעוואָלוציאָן, וועגען וועלכער ער חלומט, איז א רעוואָלוציאָן פון גייסט. זיין בריף צו מיר פון דעצעמבער מאָנאט, 1870, ענדיגט זיך מיט די ווערטער: „מיר נויטיגען זיך ווירקליך אין א גייסטיגער רעוואָלוציאָן“. די ווער־טער געדענק איך ביז היינטיגען טאָג; אין די ווערטער איז אויס־געדריקט איבסען׳ס גאַנצע פּאָעטישע פּראָגראם — א וואונדערבאר פּראָגראם פאר א דיכטער!

איך וואָלט געוועזן ניט אויפריכטיג, איך זאָל זאָגען, אז איב־סען׳ס וועלט־אנשויאונג איז אינגאנצען א ריכטיגע; אין איהר איז אָבער זיכער פאראן אן עלעמענט פון אמת׳דיגקייט. דאָס זיינע געדאנקען, וואָס קענען צוניץ קומען א דענקער אָדער א דיכ־טער; אָבער פיהרען זיך לויט זיי אין לעבען איז אונמעגליך. נאָך מעהר — איהר קענט אפילו ניט ארויסזאָגען זיי אָפען פאר דער וועלט, ווייל דאמיט וואָלט איהר אַנדערע פערפיהרט, געררייצט זיי טהאָן דאָס, וואָס זיי דארפען ניט טהון. דער, וואָס שטרעבט צו גרויסע, ענטשיידענדע, וועלטאיבערקעהרענדע רעוואָלוציאָנען און קוקט דעריבער מיט פעראכטונג אָדער גלייכגילטיגקייט אויף די קליינע ענדערונגען אין לעבען; אויף די אומבעדייטענדע פּאָלי־טישע רעפאָרמען; אויף קאָמפּראָמיסען, אויף וועלכע פּראקטישע טהוער מוזען איינגעהן, ווייל נור אויף אזא אופן קענען זיי האָבען א מעגליכקייט צו פערווירקליכען עפּעס פון זייערע ליעבלינגס־אידעען; אויף קאָלעקטיווער ארבייט, וואָס גיט א שוואכען מענ־שען א מעגליכקייט עפּעס צו דערגרייכען אין לעבען, — יענער דארף זיך אָבזאָגען פון יעדער פּראקטישער טעטיגקייט, ניט ריה־רען זיך, ניט מישען זיך אין׳ם לעבענס־פּראָצעס. אזא מענש קען נור, ווי קירקעננארד אָדער איבסען׳ס בראנד, האלטען אין איין קלאָגען זיך אויף׳ן טיפען אָבגרונד, וואָס טיילט אָב די ווירקליכ־קייט, אין וועלכער מיר לעבען, פון דער אידעאַלער וועלט, צו

וועלכער מיר שטרעבען. פּרואווען זיך טהון אָדער ווירקען אויף אנדערע, אז זיי זאָלען טהון עפּעס, וואָס פיהרט צו אזא צוועק, וואָלט נעבראכט נור דערצו, אז יענע, וואָס וואָלטען געפאָלגט איי־ער עצה, וואָלטען ריזיקרט מיט'ן לעבען, שפּרינגענדיג איבער'ן שרעקליכען תהום, וואָס טיילט אָב ווירקליכקייט פון אידעאַל — און איהר אליין וואָלט געהאט אונאננענעמליכקייטען. אפילו דער דיכטער אָדער דראמאטיקער טאָר ניט דירעקט פּרעדיגען אזעלכע אידעאַלע פּאָרשטעלונגען; ער קען זיי אריינלעגען אין מויל זיינע פּערסאָנאַלען, אָבער ער דארף שטעהן אָן א זייט. נור זעהר נארישע און בייזע קריטיקער האָבען געקענט פערשטעהן בוכשטעבליך איב־סען'ס שארפען וואָרט, אז ער וויל טאָרפּעדירען אלעס מענשליכע; ער איז גאָרניט אזוי בלוטדורשטיג, ווי זיי רעכענען. איבסען'ס וועלט־אנשויאונג זעצט פאָרויס אן אָבגעריסענהייט צווישען דער טעאָריע און פּראקטיק, אינדיווידו און בירגער, פּאָליטישער און גייס־טיגער פרייהייט און נאָך אלעמען קען אין אזא דואַליסטישקייט לעבען נור א דיכטער, וואָס איז דערווייטערט פון זיין פאָטערלאנד און האָט גאָרניט צו טהון מיט געזעלשאַפט, פּאָליטיק, קלאסען, פּאָרטייען אָדער רעפאָרמען.

דער אריסטאָקראטישער כאראקטער פון אזא קוק אויף'ן לע־בען איז, לויט מיין מיינונג, ניט קיין זעהר געהויבענער. וויל א בעדייטענדער שרייבער מען זאָל צו איהם האָבען גרויסען רעס־פּעקט, לוינט זיך איהם ניט צו מישען אין'ם מאסענקאמפף אָדער א פּשוט'ען געשלעג. עס איז אריסטאָקראטישער צו האלטען זיך פון דערווייטענס פון דעם וואולגארען פּלעבס, ניט אריינוואַרפען זיך אין'ם טאָג־טעגליכען קאמפף, ניט צו שרייבען קיין צייטונגס־ארטיקלען. אָבער מיר דוכט, אז עס איז פיעל עדלער און אריסטאָ־קראטישער צו טהון, ווי די לעגיטימיסטישע גענעראַלען האָבען גע־טהון, וואָס זיינען געגאנגען דינען אלס פּשוט'ע סאָלדאטען אין קאָנדלע'ס ארמעע און האָבען; ניט קוקענדיג אויף זייערע גענע־ראַלען־עפּאָלעטען געשלאָגען זיך אין די ערשטע רייהען צוזאמען

מיט די איינגעבאכסטע סאָלדאַטען. דערמיט איז אבסאָלוט ניט גע־
מינערט געוואָרען זייער אינערע ווירדע.

III

אינטערעסאנט איז צו בעטראַכטען איבסען'ען אין'ם ליכט פון
די ליטעראַרישע טענדענצען פון די צייטגענאָסען. צייטגענאָסען
און ניט פאָלק, ווייל איבסען איז אייראָפּעער און ניט סקאַנדינאַווער.
ס'אַרא אונטערשיד צווישען איהם און ביערנסאָן'ען, וועלכער איז,
ניט קוקענדיג אויף זיין קאָסמאָפּאָליטישע בילדונג, שאַרף נאַציאָ־
נאל. דאָס, וואָס דער דיכטער איז פאַר'ן בעוואוסטזיין פון זיין
צייט, איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זיינע בעציהונגען צו די אידעען
און פאָרמען פון זיין צייט. יעדע צייט האָט זיך איהרע אייגענאַר־
טיגע אידעען, וועלכע טרעטען אַרויס אין דער קונסט אַלס געשטאַל־
טען און אידעאַלען.

אידעען ווערען ניט בעשאַפען פון דיכטער, נור פון דענקער
און פאָרשער. אין זייערע קעפּ בליצען דורך געניאַלע היפּאָטעזען
וועגען די געזעצען און ערשיינונגען פון'ם רעאַלען לעבען; זיי ווע־
רען בעשטעטיגט און רעכטפערטיגט אין'ם פּראָצעס פון נאַטורווי־
סענשאַפטליכער עקספּערימענטירונג אין היסטאָריש־פילאָסאָפישער
פאָרשונג; זיי ווערן שטאַרק, צוואַקסען זיך און פערשפּרייטען
זיך אין'ם קאַמפּף מיט געגנער און אָנגענומענע אידעען, ביז זיי
ווערען ענדליך, ווי די ביבלישע מלאכים, קרעפטען, טראָנען, קעניג־
רייכען און הילען איין אין זייערע פליגלען די גאַנצע וועלט.

דיכטער בעשאַפען ניט קיין אידעען; דאָס איז ניט זייער
זאַך, ניט זייער בערוף. אָבער אמת'ע דיכטער האָבען ליעב די
ערשטע אָנצונעהמען אידעען, וואָס זיינען נאָך ניט אנערקענט פון
דער וועלט; זיי ציהט צו אידעען, וואָס ווערען ערשט געבאָרען,
טראָגען זיך אין לופט און ווערען נאָך פון אַלעמען בעקעמפּפט. זיי
ווערען בעגייסטערט פון אזעלכע אידעען און אַנדערש קען דאָס
אויך ניט געמאָלט זיין; זיי פערשטעהען — און האָבען דאָך קיינ־

מאָל ניט געהערט פון זיי. שלעכטע דיכטער זיינען יענע, וואָס האָבען א גע׳ירש׳נטע אָדער איינענע פּאָעטישע רוטינע, האָבען נישט קיין אויערען פאַר׳ן דונערען פון די מעכטיגע אידעען אונטער דער ערד און פאר׳ן קלאַפּען פון זייערע פליגלען אין לופט. אין דער הקדמה צו זיינע „נייע ליעדער“, זאָגט היינע, אז בשעת ער האָט געשריבען די לידער, האָט זיך איהם געדוכט, אז איבער׳ן קאָפּ זיינעם פליהט אַן אונזיכטבארער פויגעל און קלאַפּט מיט די פליגעל. „ווען איך האָב דערצעהלט דאָס מיינע פריינד, די יונגע בערלינער דיכטער, זעצט ער פאָרט, האָבען זיי געקוקט איינער אויף׳ן אַנדערען מיט פערוואונדערונג און האָבען אַלע ווי איין מענש פערזיכערט מיך, אז קיינמאָל איז ניט געשעהן מיט זיי עפּים עהנליכעס“. דאָס, וואָס די בערלינער פּאָעטלעך האָבען ניט דער־הערט איז געוועזען א קלאַנג מיט די פליגלען פון די אידעען.

אָבער עס איז אונמעגליך, אז א דיכטער זאָל גאָרנישט האָבען קיין אידעען; אויך די ערגסטע דיכטער האָבען זייערע אידעען, אָבער דאָס זיינען די אידעען אין דער פערגאַנגענהייט; פון די דאָזיגע, איצט פערעלטערטע אידעען האָבען די פריהערע קינסטלער ארויסגעצויבערט אינטערעסאַנטע פּאָעטישע מאָטיווען, אָבער די שלעכטע איצטיגע דיכטער האָבען זיי איבערגעגעבען אין מאַטע, פערשלאָפענע פאָרמען. זיי רעכענען, אז מאָדערנע אידעען זיינען גאָרנישט פּאָעטיש; זיי גלויבען נישט, אז מען קען זיי איינקליי־דען אין פּאָעטישע פאָרמען.

אָבער דער, וואָס האָט נאָך אין דער יוגענד (אין די „פּרעטענ־דענטען אויף׳ן טראָן“) אָנגעשריבען די בעריהמטע פראַזע „פאַר אייך איז דאָס אונמעגליך, ווייל איהר קענט נור איבער׳חזר׳ן אַל־טע בבא־מעשיות, אָבער פאַר מיר איז דאָס לייכט, ווי ס׳איז לייכט דעם פאַלקען צו פליהען אין דער הויך“, האָט זיך קיינמאָל ניט געשראָקען פאַר די אידעען פון זיין צייט. ער האָט אויף נייע אידעען אָנגעטהאָן פלייש און בלוט, האָט זיי פערקערפּערט אין געשטאַלטען און אויף אַזאַ אופן שטאַרק פּאָפּולאַריזירט זיי; ער האָט פערשידענע מאָדערנע אידעען פערשטאַרקט און בעלויכטען

מיט'ן ליכט פון זיין מעכטיגען גענפיהל. ווי שטארק ער האָט גע־פיהלט דאָס בעדערפעניש פון א לעבעדיגער בעציהונג פון נייע אידעען, קען מען זעהן פון די וואונדערבארע סטראָפען אין „פיער גינט", אין וועלכע קנוילען, פערוועלקטע בלעטער און צובראָכענע שטרויעלעך ווענדען זיך צו פיער'ן מיט אזעלכע בעשולדיגונגען:

„מיר זיינען געדאנקען, — דו האָסט אונז געדארפט דורכ־טראכטען. מיר האָבען געדארפט פליהען פאָרויס און ערשיטערען מיט אונזערע שטימען די הערצער פון מענשען, און אין דער אמת'ען וואלגערען מיר זיך אויף דער ערד, מיר אוננויטיגע קנוילען.

„מיר זיינען א לאָזונג, דו האָסט אונז געדארפט פראָקלאמי־רען; זעה, ווי דיין גלייכגילטיגקייט האָט אונז צו שאנדע געמאכט.

„מיר זיינען פליכטען, וואָס דו האָסט איגנאָרירט. צווייפלען און וואקלענישען האָבען אונז צוטראָטען."

עס איז שווער זיך פאָרצושטעלען, אז פיער גינט זאָל דאָס מיינען זיך מיט די אלע בעשולדיגונגען; האָט בעשולדיגט איבסען, דער דיכטער, זיך אליין. ווי האָט דער נעבעכדיגער, אָרעמער פיער געקענט האָבען עפעס א לאָזונג? ווי קען ער זיך בעשולדיגען, אז ער האָט איהם ניט פראָקלאמירט — האָט ער דאָך ניט געהאט וואָס צו פראָקלאמירען.

לאָמיר זעהן איצט, וואָס פאר א אידעען און אידעאלען שפי־לען די גרעסטע ראָל אין'ם בעוואוסטזיין פון איבסען'ס צייט. דאָס זיינען פאָלגענדע אידעען: אידעען, וואָס האָבען צו טהון מיט רע־ליגיאָן, ד. ה. פון איין זייט גלויבען היינטיגע מענשען, אז די גרויסע קרעפטען, וואָס בעשטימען די וועלט־אָרדנונג, זיינען מאַ־טעריעלע קרעפטען, דרויסענדיגע, מעכאנישע, און פון דער אנדערער זייט איז פערשפרייט דער גלויבען, אז די דאָזיגע קרעפטען זיינען גייסטיגע רעאליטעטען. שטארק אינטערעסירען אונזערע צייט־גענאָסען אויך די אידעען און אידעאלען, וואָס כאראקטעריזירען דעם געגענזאַץ צווישען צוויי עפּאָכען, צווישען פערגאנגענהייט און געגענווארט, אלט און יונג, בעזונדערס צווישען דער עלטערער און יונגערער גענעראציאָן. א גרויסע ראָל שפּיעלען נאָך היינ־

טיגע צייט אידעען, וואָס זיינען שייך צו די געזעלשאַפטליכע קלאַ־סען אין זייער קאַמפּף, צו אונטערשידען צווישען פערשידענע שטאַנ־דען און דער עיקר צווישען אָרים און רייך. ענדליך פערנעמען א גרויסען אָרט אין די אינטערעסען פונ׳ם היינטיגען מענש אידעען וועגען די בעציהונגען פון געשלעכטער און בעזונדערס וועגען דער בעפרייאונג פון דער פרוי אין עקאָנאָמישען, מאָראַלישען און גייס־טיגען זין.

צו די רעליגיעזע אידעען און פּראָבלעמען בעציהען זיך די צייטגענאָסען אונזערע פערשידען, אָבער יעדענפאַלס אנדערש, ווי אין די אמאָליגע צייטען. אביסעל געשיכטע: דער גרעסטער פון דער עלטערער דיכטער־גענעראַציאָן אין פראנקרייך, וויקטאָר הוגאָ, איז א ליידענשאַפטליכער פריידענקער, און אינדערזעלבער צייט האַלט ער פון א נעבעלהאַפטען דעאיזם, וועלכער איז בעפאַרבט מיט פאַנטעאיסטישע אידעען. עס פיהלט זיך, אז אויף איהם האָט נאָך א ווירקונג דאָס אכטצעהנטע יאהרהונדערט; ער לויבט שטאַרק די רעליגיאָן אויף׳ן חשבון פון די היסטאָרישע רעליגיאָנען; עס ווערט בעזונגען ליעבע, וואָס פעראייניגט, אין געגענזאַץ צו גלויבען וואָס צוטיילט און איז א צושטערענדע קראַפט. די בעדייטענדסטע שרייבער פון דער היינטיגער גענעראַציאָן אנאַליזירען קאַלט די רעליגיאָן, אונטערשטרייכענדיג איהרע שאָטען־זייטען. קלאָבער קוקט אויף רעליגיאָן, ווי אויף א קאָשמאַר, א האַלוצינאַציאָן. דער גרעסטער ענגלישער דיכטער אין אונזער צייט, סווינבורן, איז א ליידענשאַפטליכער היידנישער כאַראַקטער; אין כריסטענטום זעהט ער א נאַציאָן פון נאַטור און נאַטירליכקייט, דעם בייזען שונא. מיט וועלכען מען דאַרף פיהרען א שטענדיגען קאַמפּף. דער גרעס־טער דיכטער פון איטאַליען, לעאָפּאַרדי, האָט זיך אריינגעטהון אין א טיפזיניגע פעסימיסטישע מעטאַפיזיק, וועלכע האָט איהם גע־פיהרט צו סטאָאישער רעזיגנאַציאָן; קאַרדוטשי, דער גרעסטער פון היינטיגע איטאַליענישע דיכטער־דענקער, איז נאָך קריגערישער און שאַרפער פון לעאָפּאַרד׳ן. די וואונדערבאַרע דייטשע דיכטער גאָטפריד קעלער, פּאַול הייזע, פרידריך שפּילהאַגען האָבען אין

זייערע ראָמאַנען אויסגעדריקט אַטעאיסטיש־הומאַניטערע אידעען.

אין די סקאַנדינאַווער לענדער איז דאָס געווען גאָר אַנדערש. די דענישע דיכטער פון דער עלטערער גענעראַציאָן זיינען אַלע געווען אָרטאָדאָקסע פּראָטעסטאַנטען; דער איינציגער פון זיי, וואָס האָט ליעב געהאַט פילאָזאָפישע אַבסטראַקציאָנען און האָט געוואַגט אַרויסצוטרעטען מיט זיינע פריידענקערישע אידעען עפענטליך, י. ל. הייבערג, האָט געמוזט סוף כל סוף געהן אויף קאָמפּראָמיסען. קירקעגאַרד האָט געפּרואווט ברעכען די מאַכט פון דער אָפיציעלער קירכע; ער איז אָבער ניט אָנגעפאַלען אויף די כריסטליכע דאָגמען, נור אויף די אָנהענגער זייערע, די כריסטען, און דער עיקר — די פּאַסטאָרען, וואָס פיהרען אַן אונכריסטליך לעבען. קירקעגאַרד'ס ריכטונג האָט געהאַט אַ זעהר אַ גרויסע ווירקונג אויף דער דעניש־נאָרוועגישער ליטעראַטור ביז היינטיגען טאָג. די היינטיגע דיכטער אין דענעמאַרק אָדער נאָרוועגיען האָבען זעלטען אָדער כמעט קיינמאָל נישט אָנגעריהרט די אָביעקטיעווע זייט פון דער פראַגע, דעם עצם רעליגיאָן; זיי האָבען נור אינטערעסירט זיך מיט דער סוביעקטיווער זייט; דערמיט ערקלערט זיך, וואָס אין די סקאַנדינאַווישע ליטעראַטורען ווערען בעשריבען אַזוי אָפט פּאַסטאָרען, גלחים. אַנדערש, פערשטעהט זיך, מאָלען זיי די אפּיקורסישע שרייבער, אַנדערש די פרומע; אָבער אַלע האָבען ליעב צו נעהמען פּאַסטאָרען אַלס העלדען פון זייערע ראָמאַנען.

איבסען געהט אויפ'ן וועג, וואָס איז אָנגעצייכענט פון קירקעגאַרד'ן. ווי אַלע מענשען פון זיין גענעראַציאָן, וואָס זיינען אויסגעוואַקסען אונטער די ווירקונג פון די ראָמאַנטישע אידעען פון דער צייט, האָט ער אין אָנהויב ניט געהאַט קיין קלאָרע בעציהונג צו רעליגיאָן. אין דערזעלבער צייט איז אין דער טיפעניש פון זיין נאַטור געווען אַ ווידערשפּרוך, וואָס האָט געמוזט פיהרען צו אַן אינערען קאָנפליקט. איבסען האָט געהאַט אַ נאַטירליכע נייגונג צו מיסטיק און אויך אַ גרויסע נייגונג צו טרוקענעם, שאַרפען ראַציאָנאַליזם. ווענינע שרייבער האָבען זיך אַזוי קאָנוואולסיוו געריסען אין דער הויך, ווי איבסען, בעשרייבענדיג אין דערזעלבער

צייט די געוועהנליכסטע לעבענספראַזע. „בראַנד“ און „די שטיצען פון דער געזעלשאַפט“ זיינען אין תוך אַזוי ווייט איינער פון'ם אנ־דערען, אז עס לאָזט זיך גלויבען דאָס די דראַמען זיינען געשריבען פון צוויי פערשידענע שרייבער. „בראַנד“ איז מיסטיש; „די שטיצען פון דער געזעלשאַפט“ איז אַ געוועהנליכע רעאַליסטישע זאַך. „בראַנד“ איז עקזאַלטירט, „די שטיצען“ פרעדיגען אַ בורזשואַזנע מאָראַל.

יעדער איינער, וואָס קען סקאַנדינאַוויען, האָט קיינמאָל ניט געצווייפעלט, אז „בראַנד“, וואָס האָט צוערשט געמאַכט בעריהמט איבסען'ען, האָט דערוועקט אַזאַ גרויסע אויפמערקזאַמקייט צו זיך נור דערפאַר, וואָס אויף דער דראַמאַ האָבען אַלע געקוקט, ווי אויף אַ פּאָעטישע דרשה, אַ בעשולדיגונגס־אַקט, אַ טענדענציעזער אַר־בייט. ניט דאָס ווירקליך פּאָעטישע האָט געמאַכט אַזאַ שטאַרקען איינדרוק אויף'ן המון. אַלע האָבען זיך געגעבען אַ לאָז אין די בוכהאַנדלונגען, זוכענדיג בראַנד'ן, אַזוי ווי דער עולם לויפט אין דער קירכע הערען אַ נייעם, ענערגישען, מוטיגען פרעדיגער. אין זיינע בריף, וואָס איבסען האָט מיר געשריבען וועגען „בראַנד'ן“, האָט ער אונטערגעשטראָכען, אז דאָס, וואָס בראַנד איז אַ גלח איז אַ צופעליגקייט. אין יוני 1879 שרייבט ער מיר:

„בראַנד'ן האָט מען געטייטשט פאַלש; יעדענפאַלס ניט אַזוי ווי איך האָב איהם קאָנציפּירט... דער טעות נעמט זיך, פער־שטעהט זיך, דערפון, וואָס בראַנד איז אַ גלח און דאָס פּראָבלעם פון'ם ווערק איז איבערגעטראָגען אויף'ן רעליגיעזען פּלאַן. איך האָב געקענט פערקערפערען די אידעע פון „בראַנד“ אין אַ סקולפּטאָר אָדער אַ פּאָליטיקער; דאָס וואָלט ניט געענדערט גאָרנישט. איך האָב געקענט אָנשטאָט בראַנד'ן נעהמען גאַליליי'ן (מיט דער בעדינ־גונג, פערשטעהט זיך, אז גאַליליי זאָל ביז'ן סוף בלייבען טריי זיין איבערצייגונג, אז די ערד דרעהט זיך אַרום דער זון און ניט פערקעהרט) — און ווער ווייס, ווען איך וואָלט געבאָרען געוואָ־רען מיט הונדערט יאָהרען שפּעטער, צי איך וואָלט ניט גענומען פאַר'ן העלד פון דער דראַמאַ אייך און אייער קאַמפּף מיט דער

קאָמפּראָמיס־פילאָסאָפיע פון ראַסמוז נילסען. בכלל איז „בראַנד" מעהר אָביעקטיוו, ווי עס דוכט זיך, און דאָס פרעהט מיך, אלס דיכ־טער".

עס איז קלאָר, אז איבסען האָט ניט צוגעגעבען קיין גרויסע בעדייטונג דעם פאַקט, וואָס בראַנד איז א גייסטליכער. דאָס בע־ווייזט אויך אַן אויסדרוק איבסען'ס אין א בריף, וואָס ער האָט מיר געשריבען, ווען איך האָב געאַרבייט אויף דער הקדמה פון מיין ווערק „די הויפּט שטרעמונגען פון דער ליטעראַטור". איבסען האָט געשריבען:

„מיר דוכט זיך, אז איהר לעבט איצט איבער אזא קריזיס, וועלכען איך האָב איבערגעלעבט אין יענע טעג, ווען כ'האָב גע־שריבען בראַנד'ן, און איך בין איבערצייגט, אז איהר וועט געפינען א מיטעל, ווי צו פערטרייבען די קראַנקהייט פון'ם לייב. ענער־גישע ארבייט איז דאָס בעסטע היילמיטעל".

עס איז איצט קלאָר, אז איבסען'ען אינטערעסירען אין בראַנד'ן ניט זיינע אידעען, נור זיין כאַראַקטער, זיין גרייטקייט צו אויפּ־אָפּפערונג. איבסען, פערשטעהט זיך, דאַרף בעסער וויסען, ווי ווער עס איז, וואָס ער האָט געוואָלט דערגרייכען מיט זיין ווערק, אָבער מיר דוכט, אז ער מאַכט צונישט יענע עלעמענטאַרע, אונבעוואוסט־זיניגע קראַפט, וועלכע האָט געטריבען איהם דוקא צו אזא סוזשעט און ניט אַן אַנדערען. די דאָזיגע קראַפט איז זיכער געווען די שטענדיגע סקאַנדינאַוו־ראָמאַנטישע שטרעבונג צו מיסטיק. וועלען מיר אפילו פערשטעהן בראַנד'ן אזוי, ווי איבסען וויל איהם פער־שטעהן, האָט עס דאָך א זין צו פערגלייכען איהם מיט אַנדערע רעליגיעזע טהוער, וואָס סקאַנדינאַוויען האָט ארויסגערוקט. אונז, דענישע מענשען, דוכט זיך נאַטירליך, אז איבסען האָט אין בראַנד'ן פּאָרטרעטירט קירקעגאַרד'ן, ווייל אויך ער האָט געהאַלטען זעהר שטאַרק פון אויפריכטיגקייט. דאָס איז אָבער א טעות, וואָס נעמט זיך פון אונזער אונבעקאַנטשאַפט מיט'ן נאָרוועגישען לעבען. איב־סען האָט זיכער, שרייבענדיג בראַנד'ן, געהאַט פאַר די אויגען דעם נאָרוועגישען פריידענקערישען גלח לאַמערס, אָבער לאַמערס אליין

האָט אָנגעהויבען זיין טעטיגקייט אונטער דער ווירקונג פון קיר־קעגאַרד'ס אגיטאַציאָן.

אין דער דראַמאַ „קיסר און גאַלילעער", פיהלט זיך אלץ קיר־קעגאַרד'ס ווירקונג, אָבער אין אַ שוואַכערער מאָס. אמת, אויך אין דער ווערק ווערט מאַרטיבערטום בעטראַכט אַלס קריטעריום פון אמת און דער וויכטיגסטער פסיכאָלאָגישער מאָטיוו פון דער פּיעסע איז דער געדאַנק, אַז נור יענע אידעע, וואָס קען בעניים־טערען צום מאַרטירערטום, איז אינערליך־בעדייטענד. אָבער דער דאָזיגער געדאַנק איז ביי איבסען'ען געמישט מיט אַ האַלב־מיסטי־שען, האַלב־פילאָסאָפישען דעטערמיניזם, מיט שאָפּענהויער'ס גלויבען אין דעם אונבעוואוסטזייניגען וועלט־ווילען און מיט דער היינ־טיגער פּראָפּעציייאונג, אַז היידנישקייט און כריסטענטום וועלען פעראייניגט ווערען אין אַ נייעם סינטעז, וועלכען עס וועט בריינ־גען דאָס דריטע קעניגרייך. אינטערעסאַנט איז, אַז אין זיינע ביי־דע דראַמען, וואָס בעהאַנדלען רעליגיעזע פּראַגען, כאָטש איבסען שאַרף און כאַראַקטעריסטיש נור קאַמפּף און קאָנפליקטען, און אַלעס וואָס רעדט וועגען האַרמאָניע און פרידען, איז בלאַסער און וועני־גער בעדייטענד. „דאָס דריטע קעניגרייך", וואָס ווערט געפּרע־דיגט אין'ם „קיסר און גאַלילעער", ווערט אַזוי אונקלאָר געצייכענט, ווי דער גאַנג פון ליעבע, וואָס פּערענדיגט „בראַנד'ן".

איבסען האָט זיך אויך אינטערעסירט מיט די בעציהונגען צווישען פאָטער און זיהן, צווישען דער פערגעהענדער און קומענ־דער גענעראַציאָן, וועלכע זיינען אַזוי אָפט אָנגעריהרט געוואָרען פון היינטיגע שרייבער אין רוסלאַנד, דייטשלאַנד, דענעמאַרק און נאָרוועגיען. וועגען די דאָזיגע בעציהונגען שרייבט ער אין „די פּרעטענדענטען אויפ'ן טראָן" און שפּעטער מיט יאָהרען אין דער קאָמעדיע „דער בונד פון דער יוגענד". די ביידע דראַמען זיינען בעדייטענדע ווערק, אָבער זיי זיינען ניט טריי דער היסטאָרישער ווירקליכקייט און ניט אונפּאַרטייאיש.

„די פּרעטענדענטען אויף'ן טראָן" איז ניט קיין אמת'ע היס־טאָרישע דראַמאַ. אַרבייטענדיג אויף דער דאָזיגער ווערק, האָט

דער דיכטער גאָר ניט געוואָלט אויף'ן גרונד פון געשטאַלטען פון דער פערגאַנגענהייט געבען אונז אַ פאָרשטעלונג פון דער מענשליכער נאַטור, ווי זי האָט זיך ענטפּלעקט אונטער געוויסע אומשטענדען, אין אַ געוויסער עפּאָכע. ער האָט ניט געהאַט קיין היסטאָרישען קוק אויף די געשעהענישען, וועלכע ער האָט בעשריבען. דער היסטאָרישער סוזשעט איז געוועזן נור אַ ביי־זאַך; דער הינטערגרונד פון דער פּיעסע איז מיטעלאַלטערליך, דער פאָדערגרונד — אַ היינטיגער, ווייל דער יאַרל סקולע איז אַ היינטיגע פיגור. ווען איבסען וואָלט געוואָלט שטעלען זיך אויף'ן היסטאָרישען שטאַנדפּונקט, וואָלט ער געדאַרפט פאָרשטעלען סקולע'ן אַלס איבערגעבענער אריסטאָקראַט, און עפּיסקאָפּ ניקאָלאַס'ען, ווי אַ פאַנאַטישען, אָבער איבערצייגטען און עהרליכען פערטיידיגער פון דער מאַכט פון דער קירכע, ווייל דער קאַמפּף צווישען סקולע'ן און האַקאָן'ען איז די לעצטע, ערפאָלגלאָזע פּרואוו צו בעגרענעצען די קעניגליכע מאַכט, און דער עפּיסקאָפּ ניקאָלאַס ווידער האָט אַ גאַנץ נאַטירליכע פיינדשאַפט צום שונא פון דער קירכע און אוזורפּאַטאָר סווערע און זיין געשלעכט. אַנשטאַט דעם האָט איבסען געמאָלט ניקאָלאַס'ען ווי עפּעס אַ שרעקענסגעשטאַלט, וואָס סימוואָליזירט די גאַנצע פעראַכטונג צום לעבען, די קנאה, די שנאה, וואָס האָט געהערשט אין יענע צייטען אין נאָרוועגיען, און סקולע'ן אַלס אַ נעבעכדיג בעשעפעניש, וואָס האָט גרויסע אַמביציאָנען, שטרעבט צו אַ העכערען צוועק און ווערט געפּייניגט פון בייזע צווייפעל אין זיין רעכט, זיין בערוף, אין דער מעגליכקייט צו דערגרייכען זיין ציל. האַקאָן און סקולע ווערען געשטעלט איינער אַנטקעגען דעם אַנדערען, ווי פערטרעטער פון צוויי עפּאָכען, דער עפּאָכע פון צוריסענקייט פון לאַנד און פון דער גרויסער פעראייניגונג. אָבער אַזוי ווי דעם דיכטער אינטערעסירט מעהר דאָס פּסיכאָלאָגישע, ווי דער היסטאָרישער אמת, טרעט דער דאָזיגער היסטאָרישער געגענזאַץ אָב גאָר אין אַ זייט און דעם וויכטיגסטען אָרט פערנעמט דער קאָנטראַסט צווישען די פּערזענליכקייטען און די פון זיי פערטראָטענע אידעען. האָקאָן איז דער פערטרעטער פון דער קעניג־

ליכער אידעע; איהר איז ער איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען. סקולע שטעלט ניט פּאַר עפּעס אַן אידעע פון דער פערגאַנגענער עפּאָכע, ער איז נור די פערקערפּערונג פון אַליידענשאַפטליכען אונצוטרוי צו זיך. ער גנב'ט צו האָקאָן'ס קעניגליכע אידעע, כדי מיט איהר צו רעכטפערטיגען זיין פערלאַנג צו פערכאַפּען דעם טראָן. דאָס גיט זיך איהם ניט איין. דער סקאַלד ערקלערט איהם, אַז אַ מענש קען ניט לעבען אין'ם זכות פון אַ פרעמדער ארבייט; ער אַליין פיהלט דאָס. דעם סקאַלד'ס געדאַנק איז ניט גענוג קלאָר, ווייל פּאַר וואָס זאָל מען ניט קענען איינזאַפּען אין זיך אַ פרעמדע אידעע, איבערנעמען זיך, פיהלען זי, ווי אייגען בלוט און פלייש; צו וואָס דאַרף מען צו'גנב'ענען אַ פרעמדע אידעע און איינרעדען אנדערע, אַז זי איז דיין אייגענס. ניט אַ לעבען, וואָס איז געוויד־מעט דער פערווירקליכונג פון פרעמדע אידעען, נור דאָס פוצען זיך אין די העלע פעדערען פון אַ פרעמדער אידעע, מאַכט אַ מענשען אומ־גליקליך. דערין איז געלעגען סקולע'ס אומגליק. דער ענטפּער איז, אַז איבסען האָט זיך פיעל מעהר אינטערעסירט מיט'ן קאַמפּף, וואָס קומט פּאָר אין דער טיפעניש פון די הערצער פון איינצעלנע מענ־שען, ווי מיט'ן קאַמפּף פון היסטאָרישע קרעפטען. סקולע איז גע־פעלען איבסען'ען, האָט איהם פעראינטערעסירט טאַקי דערפאַר, וואָס ער איז אַן אונגעוועהנליכער מענש, אַ קאָמפּליצירטער כאַראַק־טער, אַ קאָמפּפּסלוסטיגער גייסט; אפילו זייענדיג אומגערעכט, איז ער דאָך אַ העכערע נאַטור פון'ם שטאָלצען, זיכערען, פּאָזי־טיווען האָקאָן'ען; אַ געוואַלדיגע קראַפט איז בעהאַלטען אין סקולע'ן, דעם ראַזיגען מעכטיגען נורעדין, וועלכער, שטרעבענדיג צום ליכט, מוז אומקומען מיט'ן פרעמדען ליכט אין דער האַנד, ווייל ער האָט זיך מיאש געוועזן אין נצחון און האָט זיך געלאָזט פער־פיהרען פון צווייפעל. סקולע איז פון יענע זעעלען, וואָס האָבען גרעסערע אַספּיראַציאָנען, ווי פעהיגקייטען; בישאָף ניקאָלאַס האָט גיגאַנטישע קרעפטען, וואָס ווערען פערלאָרען אין בענקעניש און אונזיכערקייט. אין סקולע'ס בעציהונג צו האָקאָן'ס געדאַנק טרעט ארויס דער קאַמפּף צווישען פעהיגקייטען און שטרעבונגען צווישען

ווילען און קראפט אין דער זעעלע פון'ם איינצעלנעם, וואס איז שוין נעמאלט געווארען אין „קאטילינא“ און „די פעלדהעררען אין העל־גאלאנד“. סקולע בעציהט זיך צו דער קעניגליכער אידעע, ווי יוליאן צום כריסטענטום; ער האט דאס בעוואוסטזיין, אז די קראפט, געגען וועלכער ער קעמפפט, איז מעכטיג און גרויס און דעריבער פאלט ער אריין אין א פאלשער ראל אנטקעגען דער גרוי־סער זיגערישער אידעע. דער פסיכאלאגישער אינטערעס האט פערשאטענט דעם היסטארישען.

די בעציהונגען צווישען די גענעראציאנען, דער עלטערער און דער איננגערער, ווערען געמאלט אין איבסען'ס „יוגענד־פערבאנד“ — א דראמא, וואס פאראדירט שארפזיניג די יונגערע גענעראציא־נען, ניט פּראוועענדיג זי אבסאלוט צו פערטיידיגען. עס איז אונ־מעגליך צו פערגלייכען דאס דאזיגע ווערק מיט טורגענעוו'ס „פא־טערס און זיהן“ אדער זיין „נאוו“. טורגענעוו איז שטרענג אי צו די פאטערס, אי צו די זיהן, אבער אין דערזעלבער צייט אטעמען זיינע ראמאנען מיט א טיפער סימפאטיע צו ביידע גענעראציאנען. איבסען איז צו פעסימיסטיש; ער האט ניט קיין סימפאטיע מיט זיינע מענשען. דער איינציגער עהרליכער פערטרעטער פון דער יוגענד איז פיעלד בא, א גאנץ פאסיווע נאטור. דאס, וואס ער איז דאקטאר, איז צופעליג; בכלל פערנעמט דער טוגענדהאפטער, גו־טער דאקטאר א גרויסען ארט אין היינטיגער דיכטונג; ער איז, וויזט אויס, דער העלד פון אונזער צייט. דאס קען מען ערקלערען דערמיט, וואס א מענש פון דער דאזיגער פּראפעסיאן איז אי ווי־סענשאפטליך, אי הומאניטאר; אין איהם געפינען אן אויסדרוק אלע פסיכאלאגישע און סאציאלע קרעפטען, וואס בעוועגען אונזער צייט.

אין שילער'ס דראמען, אין די דראמען פון יונג־דייטשלאנד שפּילט א גרויסע ראל דער קאמפּף פאר פּאליטישע און גייסטיגע פרייהייט. אין דייטשע דראמען פון א פריהערער צייט ווערען אפט אנגעריהרט די קלאסען־אנטאגאניזמען, אבער עס איז נאך דא־מאלסט ניט אנגענומען געווארען, אז דיכטער מעגען פערנעמען זיך

מיט פּראָבלעמען, וואָס זיינען שפּעטער געטויפט געוואָרען אַלס סאָציאַלע. אין פראַנקרייך איז דאָס געשעהן פיעל פריהער; די פראַנצויזישע דראַמאַטורגען, פון באָמאַרשע׳ן ביז וויקטאָר הוגאָ, האָבען געהאַט אַן אינטערעס אין סאָציאַלע פּראָבלעמען. דאָס איז אויך נאַטירליך. די פראַנצויזישע דראַמאַ האָט אָבגעשפּיגעלט דאָס לעבען — און אין פראַנצויזישען לעבען האָבען די צוזאַמענשטויסען פון׳ם אַלטען און נייעם, אין׳ם פּאָליטישען און סאָציאַלען לעבען זיך געלאָזט פיהלען פריהער, ווי אין אַנדערע לענדער. אין דער היינטיגער פיינערער ליטעראַטור האָט די סאָציאַלע פראַגע בים־לעכווייז פערטריבען די פּאָליטישע פון דער מזרח־וואַנד. די היינ־טיגע דיכטונג אין פערשידענע לענדער סימפּאַטיזירט מיט די אָרי־מע און דערשלאָגענע מענשען; זי דערמאָנט די רייכע און גליק־ליכע אָן זייערע פליכטען צו די אומגליקליכע. איבסען׳ען האָט דאָס ניט שטאַרק אינטערעסירט; דאָך האָט ער אויך די פראַגע אָנ־געריהרט. ווען איבסען האָט געשריבען „קאַטילינאַ“, איז ער גע־ווען נאָך צו ווענינ ענטוויקעלט ער זאָל פערשטעהן, ווי עס דאַרף צו זיין, די סאָציאַלע פראַגע; אָבער מיט עטליכע יאָהר שפּעטער האָט ער אין „די זיילען פון דער געזעלשאַפט“ געגעבען אַ שטאַרקען קלאַפּ די הערשענדע קלאַסען פון זיין פאַטערלאַנד. די דאָזיגע דראַמאַ האָט גאָר קיין סאָציאַל־פּאָליטישע טענדענץ ניט, אָבער זי איז אַזוי טיף פּעסימיסטיש, אַז יענע, וואָס זיינען ניט בעקאַנט מיט די נאָרוועגער פערהעלטנישען, און גאַנץ בעזונדערס מיט די בע־ציהונגען פון׳ם שרייבער צו די פערשידענע פּאַרטייען אין לאַנד, האָבען לייכט געקענט אַרויסלערנען אַזאַ טענדענץ פון איהר. ווען „די זיילען“ זיינען געשפּילט געוואָרען אין אַ בערלינער טעאַטער, האָבען צושויער — און ניט פון די ערגסטע און בעגרענצעסטע — געמיינט בתמימות, אַז די קאָמעדיע האָט אָנגעשריבען אַן איבער־צייגטער סאָציאַליסט. איך האָב דאַמאָלס געמוזט ערקלערען פער־שידענע מענשען, אַז איבסען איז דער ליבלינג־דיכטער פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי אין נאָרוועגיען. דער טעות איז געווען אַ פערשטענדליכער: איבסען איז צו איינזייטיג. דיביידע זייטען

פון דער פראגע זיינען ניט בעלייכטעט געוואָרען מיט דער זעלבער קראפט אין „די זיילען“ און דעם „פערבאנד פון יוגענד“.

די בעציהונגען צווישען מאן און פרוי האָבען שטענדיג זעהר שטארק אינטערעסירט איבסען׳ען; וועגען זיי האָט ער געהאט די אָריגינעלסטע און היינטיגסטע אידעען.

אין זיינע יוגענד־ארבייטען מאָלט איבסען די בעציהונגען צווי־שען געשלעכטער נאָך אויף׳ן טראדיציאָנעלען אופן. אין׳ם „פעסט אין סאלהאוג“ נעמט ער זיך צו דעמזעלבען סוזשעט, מיט וועל־כען עס האָט זיך בענוצט בירענסאָן אין „דער הינקענדיגער הולדאי“, נעמליך, ער בעשרייבט א יונגען מאן, וואָס האָט שטארק ליעב א יונג מיידעל, מיט וועלכער ער וויל חתונה האָבען, און בעגעגענט זיך מיט א ביסעל עלטערער פון איהם פרוי, וועלכע ער האָט געליעבט אין דער יוגענד, — אן אלמענשליכער מאָטיוו, וואָס איז שוין זעהר אָפט עקספלואטירט געוואָרען פון דיכטער. אין „קאטילינא“ און „פרוי אינגער“ איז דער סוזשעט אביסעל א געקינצעלטער, אָבער א זעהר אינטערעסאנטער: א מענש, וואָס האָט געלעבט אין אויס־געלאסענקייט אין דער יוגענד, ווערט געשטראָפט מיט דער ליעבע צו א יונג מיידעל, וואָס האָט איהם אויך שטארק ליעב, אָבער קען זיך ניט בעפרייען פון׳ם עקעל צום מענשען, וואָס האָט אמאָל פער־פיהרט איהר שוועסטער און געטריבען איהר אין קבר אריין.

אין דער„קאָמעדיע פון ליעבע“ בעשרייבט איבסען צום ערש־טען מאָל דאָס ערלאָטישע לעבען פון דער מאָדערנער נאָרוועגישער געזעלשאפט: סטימולירט דערצו האָט איהם אודאי די נאָרוועגישע ליטעראטור פון זיין צייט. בירנסאָן האָט אין זיין יוגענד געלעבט אין דער אטמאָספער פון פאָלקסלעגענדען און פאָלקסליעדער; איבסען איז פון די יונגסטע יאָהרען אָן געווען אונטער דער וויר־קונג פון די פראָגרעסיווע גייסטער פון זיין צייט. „די קאָמעדיע פון ליעבע“ שעפט איהר אינספיראציאָן פון קאמילא קאָלעט׳ס „טעכטער פון׳ם אטאמאן“, דאָס דאָזיגע בוך האָט אין זיין צייט צורודערט גאנץ נאָרוועגיען. קאמילא קאָלעט האָט געוואגט אָנ־צופאלען אויף הייראט און פערלאָבונג מיט אזא שארפזין און טא־

לענט, אז אלע האבען זיך צוטומעלט. איבסען איז גענאנגען נאך ווייטער פון איהר; ער האט א פעסטערע, זיכערערע האנד. קא־לעט'ס ווירקונג אויף איבסען'ס „קאמעדיע פון ליעבע" פיהלט זיך אין זיינע מעטאפארען און פערגלייכען. דער בעריהמטער טעע־פערגלייך איז גענומען ביי איהר. אין „טעכטער פון'ם אטאמאן" ווערט וועגען ליעבע געזאגט פאלגענדעס:

„היט, א, מענשהייט, דאס פרישסטע און טייערסטע בלימעל פון אונזער לעבען, די ליעבע. היט אב איהר פרוכט און וואוקס! צושטער נישט לייכטזיניג איהרע צארטע בלעטלעך, מיינענדיג, אז די רויהע בליהונג פון דער שפעטערער צייט איז אויך גוט גענוג. עס איז א גרויסער אונטערשיד צווישעןביידע, אזא אונטערשיד, ווי צווישען דעם שלעכטען טעע, וואס מיר, פשוטע שטערבליכע, טרינקען מיט דאנקבארקייט און יענעם — דעם איינציגען פיינעם — וועלכען דער כינעזישער קעניג טרינקט. ער ווערט געקליבען פריה און איז אזוי דעליקאט און צארט, אז מען מוז איהם אב־רייסען מיט האנדשוה און די ארביימער טארען זיך ניט צוריהרען צו איהם, איידער זיי האבען אבגעוואשען זייערע הענד פיער און צוואנציג מאל".

איצט זעהט, וואס העגריק איבסען שרייבט:

„אך, געעהרטע דאמען, יעדע פון אייך האט אין הארצען איהר הימליש קעניגרייך, און אייגענע, א קליינינקע; דארט צובליהען זיך טויזענדער טייערע בליטען, ווי נור עס פאלט איין די כעניזישע וואנד פון שעמעוודינקייט".

איבסען ענדיגט אזוי:

„אבער צו אונז דערגעהט דער לעצטער שניט פון'ם טייערען געטראנק; געמישט איז ער מיט זאמד און אבפאל און איז אזוי ווייניג עהנליך צו דעם, וואס דער קייזער טרינקט, ווי האנף צום זייד, דאס איז דער ארעמער, געשמאקלאזער שווארצער טעע, וואס געהט שטארק אין מארק".

עס קען ניט זיין קיין צווייפעל, אז איבסען האט גענומען

קאלעט׳ס בעריהמטען פערגלייך, האט איהם ווייטער ענטוויקעלט און אין פערזען איינגעשמידט.

אין דער „קאמעדיע פון ליעבע“ איז אלעס אונקלאר, אויסער דער סאטירישער טענדענץ. דאס איז א פאמפלעט אויף הייראט; איהר זעהט קלאר, אז דער דיכטער סימפאטיזירט ניט מיט דער פערטיידיגונג פון די היינטיגע קאנווענציאנען, אבער ער לאכט אויך אויס די נעגנער זייערע; האבענדיג איבערגעלעזען די דראמא, ווייסט איהר אלץ ניט, צי רעכענט דער דיכטער, אז עס לוינט זיך צו ענדערען די קאנווענציאנען אדער לאזען אלעס געהן, ווי עס געהט. זיכער איז, אז איבסען האלט ניט שטארק פון יענע פער־לאבונגען און הייראטען, וואס ער האט בייגעוואוינט. איינמאל האבען מיר זיך צורעדט מיט איבסען׳ען וועגען הייראט און ליעבע און די אילוזיאנען און ערווארטונגען פון פערלאבטע פארלעך. איך האב בעמערקט: „עס זיינען פארהאן פוילע קארטאפעל, אבער אויך געזונדע“. איבסען האט דערויף געענטפערט: „איך האב, צום בעדויערען, קיין געזונדע קיינמאל ניט געזעהן“.

און דאך, פערגלייכט מען די פריהערדיגע און שפעטערע דראמען איבסען׳ס, זעהט מען איין, אז וואס ווייטער איז אלץ שטאר־קער געווארען איבסען׳ס גלויבען אין דער פרוי, וואס ווייטער האט ער אלץ מעהר פערהערליכט איהר. צייטענווייז איז ער דאקטרי־נער. נעמט, צום ביישפיל, סאלווייג פון „פיער גינט“. זי לעזט אויס איהר זינדיגען געליעבטען אין׳ם סטיל פון געטע׳ס „פאוסט“ און פלאודאן־מיולער׳ס „אדאם האמא“ מיט דער קראפט פון איהר גרויסער, שטארקער, אונערשיטערליכער ליעבע. אין אלעמען, וואס איבסען האט אנגעשריבען, פיהלט זיך דער גלויבען אין דער פרוי, עפעס ווי ער וואלט דערמיט געוואלט אויסקויפען זיין פערזאכטונג צום מאן. זיין גלויבען אין דער פרוי האט איהם דיקטירט אזוי פיעל הערליכע, אמת׳ע, שעהנע פרויען־געשטאלטען, ווי צ. ב., מאר־נארעט אין „די פרעטענדענטען אויף׳ן טראן“, וואס איז געצייכענט מיט עטליכע שטריכען און בלייבט דאך אונפערגעסליך, אדער זעלמא פון׳ם „פערבאנד פון דער יוגענד“, וואס איז נארא׳ס פרא־

טאַטיפּ. ווען די דראַמאַ איז פּערעפּענטליכט געוואָרען, האָב איך בעמערקט אין מיין קריטישען ארטיקעל, אז זעלמא האָט צו ווענינ רוים אין דער פּיעסע און איבסען דאַרף אָנשרייבען אַ נייע דראַמאַ מיט זעלמאַ'ן אַלס העלדין. אַזוי האָט איבסען טאַקי שפּעטער גע־טהון: ער האָט אָנגעשריבען „נאָראַ".

לויט מיין מיינונג, איז די אידעע פון פרויען־עמאַנסיפּאַציאָן, אין'ם היינטיגען זין פון וואָרט, גאָרניט געווען נאָהענט און טייער איבסען'ען אין'ם אָנהויב פון זיין ליטעראַרישען קאַריער. אין אָנ־הויב האָט ער פאַרקעהרט, גאָר ניט געהאַט קיין בעזונדערע ליעבע צו פרויען. עס זיינען פאַרהאַן שרייבער, וואָס האָבען אַ אינערע קרובשאַפט מיט פרויען, וואָס זיינען אין תוך ווייביש. איבסען איז ניט פון אַזעלכע שרייבער. איך בין זיכער, אַז איבסען האָט מעהר הנאה פון שמועסען מיט אַ מאַן, ווי מיט אַ פרוי; איך צווייפעל ניט, אַז ער דרעהט זיך ווייניגער פון אַנדערע דיכטער אין דער געזעלשאַפט פון פרויען. נאָך מעהר: איבסען איז זיכער ניט געווען קיין ענטוזיאַסטישער אָנהענגער פון דער נייערער ליטעראַ־טור, וואָס האָט געפאָדערט טיפע ענדערונגען אין דער סאָציאַלער לאַגע פון דער פרוי. מיל'ס ארבייט וועגען „דער פערשקלאַפונג פון דער פרוי" איז איהם ניט נור נישט געפעלען, נור האָט פשוט איהם געעקעלט; מיל אַלס שרייבער איז איהם געווען ניט סימ־פּאַטיש. איבסען מיט זיין שאַרף ענטוויקעלטער פערזענליכקייט האָט גאַנץ נאַטירליך שאָקירט מיל'ס ריהרענדע ערקלערונג, אַז ער איז שטאַרק פערפליכטעט זיין פרוי און פעררעכנט איהר דאָס בעסטע אין זיינע שריפטען. „שטעלט זיך נור פאָר, ווי קאָמיש דאָס איז, האָט ער מיר אַמאָל געזאָגט, שמייכלענדיג, אַז איהר לעזט העגעל'ן אָדער קראַוזע'ן און ווייסט ניט, מיט וועמען איהר האָט צו טהון, צי מיט'ן העררן העגעל אָדער קראַוזע, צי מיט דער פרוי העגעל אָדער קראַוזע".

איך רעכען, אַז די דאָזיגע אַנטיפּאַטיע צו מיל'ן מוז זיין פער־בונדען מיט איבסען'ס בעציהונג צו פרויען. איך גלויב, אַז אין די אינגערע יאָהרען האָט איבסען בעצווינגען זיך נעגאַטיוו צו דער

פרויען־עמאנסיפּאציאָן: אויף איהם האָט אָדער געווירקט זיין ער־ציהונג אָדער די קאריקאטורישע פאָרמען, וואָס די פרויען־עמאנסי־פאציאָן האָט אָנגענומען; שפּעטער אָבער איז איבסען געוואָרען א הייסער אָנהענגער פון דער נייער בעוועגונג. איבסען'ס פער־שטאנד האָט געזיגט איבער'ן געפיהל. ווי יעדער אמת'ער דיכטער, איז איבסען אימשטאנד געווען איבערצוגעבען זיך מיט דער גאנ־צער זעעל און אידעע, מיט וועלכער ער האָט זיך פריהער גאָרנישט אינטערעסירט, ווי נור ער האָט פערשטאנען קלאָר, אז דאָס איז איינע פון יענע אידעען פון דער נייער צייט, וואָס האָבען א גרויסע בעדייטונג פאר דער צוקונפט פון דער מענשהייט. ווען מיר דער־הערען אין „נאָראַ", אין דער לעצטער סצענע העלמער'ס ווערטער, אז „קיינער האָט נאָך ניט געאָפּפערט מיט זיין עהרע צוליב א מענ־שען, וועלכען ער האָט ליעב" און נאָרא'ס ענטפער, אז „דאָס האָבען שטענדיג געטהון טויזענדער פרויען", ווערטער, וואָס פאלען איבער אונזער קאָפּ, ווי די קלעפּ פון א האמער, ווערטער, וואָס ענטפּלעקען א שרעקליכען אָבגרונד צווישען מאן און ווייב, וועלכע זיצען אזוי נאָהענט איינער צום אנדערען ארום דעמזעלבען טיש, אַן אָבגרונד א טיפערען און שרעקליכערען, ווי יענע אונטעראירדישע וועלט, וואָס ווערט געמאָלט אין די אלטע ראָמאנטישע דראמען — פיהלען מיר, אז איבסען האָט זיך ניט נור איבערגעזעטיגט מיט די טיפסטע געדאנקען פון זיין צייט, נור האָט זיי נאָך צוגעגעבען אזא גלאנץ און שארפקייט, אז זיי מוזען ריהרען אויף די שטרענגסטע און פערשלאָסענסטע הערצער.

„נאָראַ" האָט געמאכט אויף אלעמען א שטארקען איינדרוק; זי האָט בעאונרוהיגט. הונדערטער יאָהרען האָבען דיכטער און גייסטליכע געמאָלט אַן עהרליכען פאמיליען־לעבען, וואָס איז גע־גרינדעט אויף ליעבע, אין די העלסטע פארבען. די געזעלשאפט האָט פערהערליכט און פערהייליגט די פאמיליע; זי איז געווען דער רוהיגער האַפען, דער האַפען פון גליקזעליגקייט. און פּלוצלונג קומט איבסען און ענטדעקט, אז דער האַפען איז גאָר פערוואָרפען מיט

פעלזען און זאמד־בערג. אלעמען האָט זיך געדוכט, אז איבסען האָט פערלאָשען אלע לייכט־טהורם־פייערען.

נאָך „נאָרא" קומען „די געשפענסטער". אין „די געשפענסטער" ווערט ווידער אנאליזירט א פאמיליען־לעבען, אָבער שוין גאָר פון אן אנדער טיפּ. דאָס גרויסע און ראפינירטע אין „נאָרא" איז געווען גראָד דאָס, וואָס איבסען האָט גערעדט פיעל גוטעס וועגען העלמער'ן. דאָס איז ניט קיין קאריקאטור, נור א געוועהנליכער גוטער מענש. איבסען מאָלט איהם ניט שווארץ, נור אין די פארבען פון ווירקליכקייט. העלמער אין אן ערליכער מענש, רעספּעקטאַבּלער בירגער, א גוטער בעל הבית, אן אונאבהענגיגער אין זיינע בעציהונגען מיט עלטערע און נידריגערע; ער איז א טרייער מאן, א שטרענגער פאָטער, וואָס האָט ליעב זיינע קינדער און ערפילט זיינע פליכטען צו דער פאמיליע, ער איז גוטמוטיג, גוט ערצויגען, געבילדעט — א ו ן ד אָ ך! — דאָך, איז דעם דאָזיגען עהרליכען מאן'ס פרוי — אן אָפּפער, און זיין רוהיג פאמיליען־לעבען — א וויים־געקאלכטער קאטאפאלק.

דער מאן, וועמענס פאמיליען־לעבען ווערט געשילדערט אזוי מייסטערהאפט אין „די געשפענסטער", איז דער געגענזאץ פון נאָרא'ס מאן; דאָס איז א רויהער, אויסגעלאסענער מענש, א שכור, אָבער ער האָט פערשידענע ליעבע אייגענשאפטען, מיט וועלכע עס צייכנען זיך אוים גראָד לייכטזיניגע, צולאָזענע מענשען, איז גוטמוטיג, געזעליג; דאָס אלץ גיט דעם טרייען מאן א מעגליכקייט צו בעהאלטען פון דער וועלט זיינע פיהרונגען און מאכען דעם איינדרוק, אז אלץ איז אין בעסטער אָרדנונג אין'ם פאמיליען־לעבען. בלייבענדיג מיט'ן מאן, אָבגעבענדיג זיך איהם אינגאנצען, האָט די אָרימע פרוי ניט נור געאָפּפערט מיט איהר אייגענעם גליק, נור זי איז אויך געוואָרען מוטער פון א דעגענערירטען זוהן, וואָס ווערט פערפאָלגט פון'ם אומגליק פון'ם ערשטען טאָג פון זיין לעבען און טרעט אריין אין די מענערישע יאָהרען א פערצווייפעלטער, א האלב־פערריקטער, א אידיאָטישער מענש — א ו ן ד אָ ך! — דאָך קוקט יענער טייל פון דער געזעלשאפט, וואָס איז פערטראָטען פון

פאסטאָר מאנדערס'ן אויף די שווערע אָפּפער, וואָס זי האָט געבראכט, איהר אָפּפער מיט זיך און דעם זוהן, ווי אויף עפּעס נאַטירליכעס, ווי אויף איהר פליכט; און דאָס, וואָס זי פּרואווט זיך ראנגלען מיט איהר שרעקליכען שיקזאל, איז אין די אויגען פון דער געזעלשאפט א פערברעכען.

דערין ליגט דער פּאטאָס פון דער פּיעסע. „די געשפּענסטער" האָבען מיט זייער פּאטאָס מעהר אָנגעשראָקען די פּיליסטער־וועלט, ווי „נאָרא". איצט איז דער איינדרוק געווען, אז איבסען האָט אויסגעלאָשען אלע שטערען אויף'ן מענשהייטס־הימעל. „קיין שטראהל פון ליכט".

די בעציהונגען צווישען מאַן און פרוי ווערען געשילדערט אין „די געשפּענסטער" אין א נייער בעלייכטונג. דער קריטעריום איז די פּעראַנטוואָרטליכקייט פון די עלטערען צום קינד. די דראמא בעהאנדעלט אין פּאָעטישער פאָרם די ערבליכקייטס־אידעע, שטעלט פאָר אויף'ן גרונד פון דעטערמיניזם, וועלכער איז דאָס לעצטע וואָרט פון היינטיגע וויסענשאפט, ווי אָבהענגיג דער קינד'ס שיקזאל איז פון זיינע עלטערען און טראָגט איבער דעם דאָזיגען פאקט אויף א ברייטערער וועלטפלאך, אונטערשטרייכענדיג, דאָס עמאָציאָנען, וואָס זיינען אויסגעוואקסען געוואָרען אין געוויסע בעדינגונגען, און דאָגמען, וואָס זיינען געבאָרען פון די עמאָציאָנען, געהען איבער בירושה פון דור צו דור, האלטען זיך שטארק, ווילען ניט פערשווינדען אין דערזעלבער צייט, וואָס די אלע בעדינגונגען, וועלכע האָבען ארויסגערופען די שוין איצט אוננויטיגע עמאָציאָנען, זיינען שוין לאנג פערשוואונדען. געשפּענסטער דרעהען זיך ארום אין מיטען העלען טאָג, מאָנענדיג זייערע אָפּפער.

דאָס, וואָס איבסען האָט זיך גענומען צו אזעלכע טעמען, ווי „נאָרא" און „די געשפּענסטער", מוז שטארק פּעראינטערעסירען יעדען, וואָס פאָרשט איבסען'ס גייסטיגע ענטוויקלונג. ענדליך צוּרייסט איבסען דעם פּערכשופטען קרייז, אין וועלכען ער איז געוואונט געווען צו פערשפּארען דעם איינצעלנעם מענש. אין'ם יאָהר

1871 האָט ער מיר געשריבען פאָלגענדע ווערטער, וואָס ערקלערען פיעלעס אין זיין כאַראַקטער:

„דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך קיינמאָל ניט געהאַט קיין גרויסע ליעבע צו סאָלידאַריטעט. איך האָב אַריינגעפּאַקט סאָלידאַריטעט אין מיין באַגאַזש, ווי אַ טראַדיציאָנעלע דאָגמאַ. ווען מיר האָבען דעם מוט אינגאַנצען צו בעפרייען זיך פון דער דאָזיגער אידעע, וואָלטען מיר אפשר פּטור געוואָרען פון דעם באַלאַסט, וואָס דריקט אזוי שטאַרק די פּערזענליכקייט".

אזוי האָט איבסען געטראַכט אין'ם יאָהר 1871; אין צעהן יאָהר שפּעטער האָט ער געביטען זיין מיינונג. ער האָט זיך איבערציינגט, אַז אַראָבוואַרפען פון זיך דעם יאָך פון סאָלידאַריטעט איז גאָרניט אזוי שווער און פאָדערט ניט קיין מוט און פון דער געבורט אָן זיינען מיר פעסט פערבונדען מיט מענשען און זאַכען, איבער וועלכע מיר האָבען ניט קיין שליטה. עס איז קלאָר, אַז וואָס ווייטער איז איבסען אַלץ מעהר און מעהר אָנגעזעטיגט געוואָרען מיט די מאָדערנע אידעען, מיט די אידעען פון אונזער צייט.

איבסען האָט, ווי אַלע עלטערע איצטיגע שרייבער, אָנגעהויבען פון ראָמאַנטיק; ביסלעכווייז האָט ער זיך אָבגעריסען פון די ראָמאַנטישע אידעען און איז דורכגעדרונגען געוואָרען מיט מאָדערנע אידעען, ביז ער איז געוואָרען דער מאָדערנסטער פון אַלע מאָדערנע דיכטער. דאָס איז אַ גרויסער פערדינסט; דערמיט האָט ער זיך, לויט מיין טיפער איבערצייגונג, בעריהמט געמאַכט און ערוואָרבען זיך דאָס רעכט אויף בעריהמטהייט. די נייע אידעען, די אידעען פון דער נייער צייט זיינען ניט פערגליווערטע דאָגמען: דאָס איז דער פייער פון לעבען, פונקען פון דער צייט, די זעעלע פון דער צייט.

די אונצופרידענהייט, וואָס „די געשפּענסטער" האָבען אַרויסגערופען אין פיעלע קרייזען פון דער געזעלשאַפט, און די רויהע, אונגערעכטע קריטיק, מיט וועלכער די דראַמאַ איז בעגעגענט געוואָרען, האָבען, פערשטעהט זיך, ניט געקענט פערהאַלטען איבסען'ס ליטעראַרישע טעטיגקייט און ענטוויקלונג, אָבער אין דער ערשטער

צייט האָט ער זיך געפיהלט זעהר שלעכט. וועגען דעם האָט ער מיר געשריבען אזוי:

„ווען איך בעטראכט, ווי שווער, אונגעלומפּערט, נאַריש די נאָרוועגער געזעלשאַפט איז, ווי אויבערפלעכליך און פלאַך איהרע אנשויאונגען זיינען, ווער איך מרה־שחורה׳דיג און עס ווילט זיך מיר אויפהערען איינגאַנצען שרייבען. אונזער פאָטערלאַנד האָט ניט קיין בעדערפניש אין דיכטער און דיכטונג; זיי בעגעהען זיך גאַנץ גוט אָהן דיכטונג, זיי בעפרידיגען זיך מיט „דער לוטעראַנער וואָכענשריפט“ און דעם „סטאַרטינג־טאָגבלאַט“. דערצו האָבען זיי נאָך פּאַרטיי־צייטונגען. איך האָב ניט דעם קלענסטען פונק פון טאַלענט, וואָס פאָדערט זיך, אז אַ מענש זאָל זיין אַ בירגער פון שטאַאט אָדער אַן אָנהענגער פון דער אָרטאָדאָקסאַלער קירכע; איך נעם זיך נישט דערצו, צו וואָס איך האָב קיין טאַלענט נישט. פרייהייט איז, אין מיינע אויגען, די וויכטיגסטע און העכסטע לע־בענס־פאָדערונג. אין נאָרוועגיען אינטערעסירט מען זיך ווייניג מיט פרייהייט; אַלע ווילען פרייהייטען, די — מעהר, די — ווע־ניגער, יעדער לויט זיין פּאַרטיי־שטאַנדפּונקט. אונזער פּאָליטישער קאַמפּף ווערט געפיהרט פלעבעיש, מיר ווערען רויהער, פלעבעאי־שער. געהאַט האָבען מיר די בעסטע כונות צו פערוואַנדלען אונ־זער פאָלק אין אַ דעמאָקראַטישען שטאַאט, און צום סוף זיינען מיר נאָר פערגאַנגען וויים, ווייט אויף׳ן וועג צו אַ פלעבעאישער געזעל־שאַפט. די אריסטאָקראַטיע פון גייסט האָט אַלץ אַ קלענערע וויר־קונג אויף אונזער לעבען“.

דער שטורם פון מאָראַלישער עמפּערונג, וועלכען „די געשפּענ־סטער“ האָבען ארויסגערופען אין גאַנץ נאָרוועגיען, האָט נאָך מעהר פערשטאַרקט איבסען׳ס איבערצייגונגען אין דער נישטיגקייט פון דער מאַיאָריטעט. דעם 3טען יאַנואַר 1882, שרייבט ער מיר:

„ביערנסאָן זאָגט: די מאַיאָריטעט האָט שטענדיג רעכט. אַלס פּראַקטישער פּאָליטיקער דאַרף ער רעדען אזוי, אָבער איך מוז פאַרקעהרט זאָגען, אז די מינאָריטעט האָט שטענדיג רעכט. פער־שטעהט זיך, אז איך מיין נישט יענע מינאָריטעט, וואָס איז אין אַ

צושטאַנד פון פוילקייט און סטאַגנאַציאָן, אָבער איך מיין יענע מי־נאָריטעט, וואָס געהט פאָרויס אויף'ן וועג צו אַ ציל, צו וועלכען די מעהרהייט איז נאָך נישט דערוואַקסען".

איבסען איז ניט געבליבען שטעהן אויף איין אָרט: ער האָט אַ צוקונפט. דאָס, וואָס איינזאַפּענדיג אין זיך די מאָדערנע אי־דעען, ווערט ער אַלץ גרעסער אויך קינסטלעריש, איז אַ סימן, אַז מיר קענען ערוואַרטען נאָך פיעלעס פון איהם. די נייע אידעען זעהט ער ניט פערקערפּערט אין סימוואָלען און טיפּען, נור אין אינ־דיווידואַליטעטען. אין זיינע יונגערע יאָהרען האָט איבסען געהאַט אַ שוואַכקייט צו גרויסע סימבאָלישע געשטאַלטען ווי בראַנד, פּיער גינט, אָבער מיט דער צייט זיינען זיינע אידעען ניט נור געוואָרען אינהאַלטסרייכער און טיפער, נור אויך קלאָרער און די קינסטלע־רישע פאָרם, אין וועלכער זיי ווערען אויסגעדריקט, איז אַלץ נאָ־העגטער צו פאָלקאָמענהייט. אין די לעצטע יאָהרען ווערט זיין טעכניק אַלץ וואונדערבאַרער פון ווערק צו ווערק. „נאָראַ" איז טעכניש פיינער פון די בעריהמטעסטע פראַנצויזישע דראַמען; אין „די געשפּענסטער" ענטפּלעקט איבסען (טראָץ אייניגע שוואַכע ער־טער) אַזאַ דראַמאַטישע פעסטקייט, איינפאַכקייט און ראַפינירט־קייט, אַז מיר דערמאָנען זיך ניט־ווילענדיג אָן דער אַנטיקער טראַ־געדיע פון סאָפאָקל'ן (קעניג עדיפּ).

דאָס, וואָס איבסען'ס קינסטלערישער טאַלענט ענטוויקעלט זיך אַלץ מעהר און מעהר, ערקלערט זיך דערמיט, וואָס ער איז פלייסיג, געוויסענהאַפט און סאַטיריש־ערנסט. ער אַרבייט זעהר לאַנג־זאַם, שרייבט איבער ניט איין מאָל זיינע ווערק, ביז דער מאַנו־סקריפּט איז פאַרטיג אַ ריינער, אָהן פעהלערען און טינטען־פלעקען, אַ פאַרשריבענער מיט אַ גלאַטער, פעסטער האַנדשריפט — אַן אמת'ע מאַרמאָר־טאָוועל, אויף וועלכער די צייט קען ניט לעגען איהר מיאוס'ען, פערדערבענדען שטעמפּעל. איבסען געהט אַלץ ווייטער און ווייטער, ווערט אַלץ מעהר פאָלקאָמענער שרייבער, זיכער, טאַקי דערפאַר, וואָס ער איז שטענדיג געווען דיכטער און נור דיכטער. ער האָט זיך ניט געמישט אין'ם פּאָליטישען לעבען, האָט ניט גע־

זאַנט קיין דעות, ניט רעאגירט אויף טאָג־טעגליכע געשעהעניסען. אַ שרייבער, וואָס ווערט קיינמאָל ניט אויפגערעגט אָדער בעגייס־טערט פון דעם טומעל פון דער גאַס אויף אַזוי פיעל, אַז ער זאָל אַרויסטרעטען מיט זיין וואָרט אין דער עפענטליכקייט, מאַכט אויף אונז נאַטירליך אַן איינדרוק פון אַ קאַלטען, אין זיך פערשלאָסענעם מענשען. אַזאַ איינדרוק מאַכט אויך איבסען. עס איז אַ פאַקט, אַז אין די לעצטע פינפצעהן יאָהר האָט איבסען אָנגעשריבען ניט מעהר, ווי צוויי־דריי צייטונגס־אַרטיקלען וועגען אייגענע, פערזענ־ליכע אנגעלעגענהייטען — ער קלאָגט זיך אויף די אויסלענדישע איבערזעצער, וואָס בע׳גזל׳ענען איהם און אויף פערלעגער, וואָס רעכענען זיך ניט מיט זיינע אוטאָר־רעכט. מען מוז אָבער געדענ־קען, אַז גראָד די דאָזיגע קאַלטקייט, אייגנעהאַלטענקייט און דער־ווייטערטקייט פון׳ם טומעלדישען ווירקליכען לעבען האָט געגעבען דעם דיכטער אַ מעגליכקייט טראַכטען נור וועגען זיין אַרבייט, אָב־געבען זיך מיט דער קונסט, קאָנצענטרירען זיך נור אויף׳ן אייגענעם געדאַנק און פאָרם. איבסען האָט געלעבט אויף זיין אייגענעם שטיי־גער. עס איז אינטערעסאַנט צו פערגלייכען זיין לעבען מיט ביערנ־סאָן׳ס. ס׳איז שווער צו פאָרשטעלען זיך אַ טיפערען און גרעסערען געגענזאַץ אין די לעבענס־פאָרמען, ווי צווישען איבסען און ביערנ־סאָן׳ען. איבסען האָט געלעבט אין זידען, אַן איינזאַמער, אַן אָב־געריסענער פון דער דרויסענדיגער וועלט. האָט ניט פערלאָזען קיין מאָל זיין אַרבייט, איז געזעסען און געשריבען, געזעסען און גע־פיילט ווערק נאָך ווערק; ביערנסאָן האָט געלעבט אין זיין היי־מאַטסלאַנד, אין קאַלטען נאָרד, געשריבען גרויסע און קליינע צייט־טונגס־אַרטיקלען וועגען פאָליטישע, רעליגיעזע און סאָציאַלע פראַ־גען, פערשוועגדעט זיין נאָמען און קראַפט, ניט רעכענענדיג זיך מיט דעם קלוגען כלל, וואָס הייסט ניט פטר׳ען די כחות אויף קליי־ניגקייטען. ער האַלט רעדען, שרייבט לידער, אַגיטירט, שפּרינגט אַרום פון איין פאָלקספערזאַמלונג אין דער אַנדערער און פיהלט זיך היימישער פון אַלץ אויף דער טריבונע, צווישען טויזענדער פריינד און הונדערטער געגנער, בעצויבערענדיג אַלעמען מיט דער

קראַפט פון זיין פּערזענליכקייט, מיט זיינע קינסטלער־טאַלענטען און גרויסען מוט.

העגריק איבסען איז ניט עהנליך צו קיינעם פון די היינטיגע דיכטער; קיינער פון זיי האָט אויך ניט געהאַט קיין ווירקונג אויף איהם. אַ געוויסע ווייַלע גייסטיגע פערוואַנדשאַפט האָט ער אפשר מיט די דייטשע שרייבער אָטאָ לודוויג און פרידריך העבעל; ער איז מאָדערנער, ראַדיקאַלער פון זיי. זיין בייסענדע סאַטירע דערמאָנט אָן דומאַ און סאַרדו; ער האָט געמיינזאַמעס מיט ביערנ־סאָן׳ען, וועלכען אַלע דערמאָנען, רעדענדיג וועגען איבסען׳ען. דאָס זיינען געווען פערשידענע מענשען, מיט אנדערע כאַראַקטערען און נייגונגען, אָבער זיי זיינען ביידע געווען נאָרוועגיער, ביידע געהאַט דיזעלבע ערציהונג און געשעפּט זייער פּאָעטישע בעגייסטערונג פון דיזעלבע קוועלען. אז איבסען האָט אָנגעשריבען זיין „פערבאַנד פון יוגענד", האָט דאָס געגעבען אַ שטויס ביערנסאָן׳ען צו שריי־בען אַ דראַמאַ פון בורזשואַזען לעבען. ביערנסאָן׳ס דראַמאַ „באַנ־קראָט" האָט דערוועקט אין איבסען׳ען אַ חשק צו בעאַרבייטען דעמ־זעלבען סוזשעט אין אַן אַנדערער פאָרם: אַזוי זיינען געשריבען געוואָרען „די זיילען פון דער געזעלשאַפט". ביערנסאָן האָט מיר אַליין דערצעהלט, אַז ער האָט געדאַרפט אויסשטרייכען אַ גאַנצע פּראָזע פון׳ם מאַנוסקריפּט פון׳ם ראָמאַן „שטויב", ווייל דיזעלבע פּראָזע פיגורירט ביי איבסען׳ען אין זיינע „געשפּענסטער". מען דאַרף ניט פערגעסען, אַז ביידע שרייבער האָבען זיך ענטוויקעלט פּאַראַלעל. איבסען האָט זיך פריהער פון ביערנסאָן׳ען בעפרייט פון די היסטאָרישע, פאַנטאַסטישע און מערכענהאַפטע סוזשעטען; איבסען איז געווען אין אַ בעסערער לאַגע פון ביערנסאָן׳ען; ער האָט געלעבט פון דערווייטענס פון׳ם פאָטערלאַנד, אין׳ם צענטער פון מאָדערנער קולטור און האָט זיך דעריבער געקענט פערגינען זיין זעלבסטשטענדיגער, היינטיגער, ראַדיקאַלער. ער האָט וועניגער פּיע־טעט און נאַאיוויטעט פון ביערנסאָן׳ען. אָבער סוף כל סוף איז אויך ביערנסאָן איבערגעגאַנגען — אַ ביסעל שפּעטער פון איב־סען׳ען — פון דער ראָמאַנטישער צו דער רעאַליסטישער וועלט־

אנשויאונג. ביערנסאָן און איבסען זיינען עהנליך צו די נאָרוועגישע קעניגען סיגורד און אייסטיין, וואָס ווערען געשילדערט אין ביערנ־סאָן׳ס דראמא „סיגורד דער קרייצפאָהרער“; איינעו איז געבליבען אין דער היים און האָט ציוויליזירט זיין פאָטערלאנד; דער אנ־דערער האָט זיך געשיידט מיט׳ן היים, האָט אַרומגעוואנדערט אי־בער דער גאנצער וועלט און מיט זיינע מוטיגע העלדענטאטען בע־ריהמט געמאכט זיין פאטערלאנד. יעדער פון זיי האָט זיך זיינע אָנהענגער, יעדער — זיין סוויטע, וואָס איז גרייט צו לויבען נור איהר הערר. אָבער גרויס זיינען ביידע; ברידער זיינען ביידע — אמת, ברידער, וואָס האָבען לאנג געפיהרט מלחמה איינער מיט׳ן אנדערען און איצט וואָלט נעווען א יושר, זיי זאָלען אין פרידען לעבען, צוטיילענדיג זיך מיט׳ן קעניגרייך.

# דער דריטער איינדרוק

(1898)

מיט זעכצעהן יאָהר צוריק איז געווען גאַנץ נאַטירליך, אַז איך זאָל פערענדיגען איבסען'ס אַ כאַראַקטעריסטיק מיט אַ פערגלייך צווישען איהם און ביערנסאָן. ווי אַלעס האָט זיך געענדערט אין'ם משך פון די יאָהרען! איבסען איז איצט אַ גרויסער קינסטלער, ער איז דערגאַנגען צו פאָלקאָמענהייט אַלס דיכטער און האָט זיך דערהויבען הימעל־הויך איבער אַלע זיינע צייטגענאָסען — סקאַנדינאווישע און אייראָפּעאישע שרייבער. קיין שרייבער אינטערעסירט ניט אַזוי שטאַרק די וועלט, ווי איבסען; צו קיינעם הערט מען זיך ניט אַזוי אויפמערקזאַם צו, ווי צו איהם. ער איז געוואָרען שולע; אין פראַנצויזישען און ענגלישען האָבען זיך איינגעבירגערט אַזעלכע נעאָלאָגיזמען, ווי איבסעניטען, איבסען'יזם. איבסען שטעהט שוין אויף דער שוועל פון עלטער און איז נאָך אַלץ אַן אוואַנגאַרד־מענש. ער ווירקט, גלייך ווי ער וואָלט געווען אַ יונגער מענש, וועלכער האָט זיך ערשט גענומען צו זיין אַרבייט. זיינע דראַמען — יעדע איינע פון זיי — ווערען אויסגעלאַכט, בעקעמפּפט, פערגעטערט און פערהערליכט.

איבסען'ס גייסטיגע פיזיאָגנאָמיע האָט זיך ניט געקענט שטאַרק ענדערען אין משך פון די לעצטע זעכצעהן יאָהר: צו שאַרף זיינען שוין דאַמאָלס געווען די גרונדליניען פון זיין וועזען, אָבער איינינגע נייע ליניען האָבען זיך דאָך אָנגעצייכענט און דער געזיכטס־אויסדרוק איז געוואָרען פערגייסטיגטער. דערצו האָט זיך מיר איינגעגעבען צו בעקענען זיך מיט די ערשטע יוגענד־אַרבייטען פון'ם

דיכטער, וואָס זיינען געווען ניט בעקאַנט ביז איצט; זיי בעלייכ־
טען פון אַ נייער זייט זיינע פריהערדיגע דראַמען. איך וועל דע־
ריבער פּרואווען ווידער אַמאָל מאָלען איבסען׳ס ליטעראַרישען
פּאָרטרעט.

I

גרייטענדיג זיך צום עקזאַמען אין אוניווערסיטעט אין׳ם יאָהר 1850, האָט איבסען פערענדיגט אַ קליינעם איינאַקטער („דאָס טויטענבערגעל״), וועלכער איז אין ערגעץ ניט געדרוקט געוואָרען. דריי מאָל אין׳ם משך פון יאָהר איז דער איינאַקטער געשפּיעלט געוואָרען אין כריסטיאַנאַ; אין 1854 איז די דראַמאַ אין אַ בעאַר־בייטער פאָרם געדרוקט געוואָרען אַלס פעליעטאָן אין׳ם „בערגענער בלאַט״. אין 1854 און 1856 איז זי געשפּיעלט געוואָרען נאָך צוויי מאָל אין כריסטיאַניאַ.

דער, וואָס וויים ניט, ווער דער אוטאָר פון׳ם איינאַקטער איז, וואָלט קיינמאָל־ניט דערקענט, אַז דאָס איז איבסען׳ס אַרבייט, אַזוי שטאַרק איז ער נאָך דאַמאַלס געווען אונטער דער ווירקונג פון אַנדערע. דער טאָן, פערזן און שפּראַך פון דער דראַמאַ, די געפיהלען און געדאַנקען פון׳ם אוטאָר, דער ראָמאַנטישער קוק זיי־נער אויף די אַמאָליגע סקאַנדינאַווען — דאָס אַלץ בעווייזט, אַז איבסען איז נאָך אַ טרייער, בעגייסטערטער תלמיד פון דעם גרוי־סען עלענשלעגער, וועלכער איז שוין דאַמאַלס געווען זעהר אַן אַלטער מענש. די הערליכע, לייכט־פליסענדע פערזען האָבען די האַרמאָנישקייט און קלאַנגיגקייט פון עלענשלעגער׳ס פערז; די העלדען פון איבסען׳ס פּיעסע זיינען ווי גענומען פון עלענשלעגער׳ס אַ טראַגעדיע אָדער טראַגישער אידיליע.

אין יענער צייט האָט איבסען נאָך ניט בעצווייגען זיך קריטיש צו דער ליטעראַרישער ירושה, וועלכע ער האָט איבערגענומען. דער איינאַקטער איז אַ הייסער, בעגייסטערטער לויבגעזאַנג פון דער סקאַנדינאַווישער פערגאַנגענהייט; אַביסעל שאַרפער, ווי עלענשלע־נער, שטרייכט איבסען אונטער די רויהייט און אכזריות פון די

אַלטע וויקינגען, אָבער זיי אַליין און זייערע אוואַנטורען זיינען בעגאָסען מיט'ן שיין פון אַן אונגעוועהנליכען, פּאָעטישען ליכט. בלאַנקאַ, אַ יונג מיידעל פון זידען, דריקט אויס דעם פּאָעט'ס ליעבע צום אמאָליגען סקאַנדינאַוויען; זי חלומט וועגען דער נאָרד און בענקט נאָך איהם, אַן ענטציקטע פון די בלאָה־אויגיגע ים־קעניגען און זייער העלדישע לעבען; ביי עלענשלעגער'ן לעבט דאָס יונגע ענגלישע מיידעל, מיט קאַרטערעט, וואָס האָט קיינמאָל ניט געזעהן איהר געליבטען, נור מיט דעם געדאַנק וועגען דעם דענישען ים־העלד.

אי איבסען'ס, אי עלענשלעגער'ס דראַמאַ דריקט אויס דעם געדאַנק, אַז דאָס אמת'ע, אַקטיווע לעבען איז אריבערגעגאַנגען פון'ם זידען אין די נאָרדישע לענדער. אין זידען האָט זי שוין לאַנג נעגעבען איהרע פּרוכטען און בליהונג און איצט איז געבליבען איהר אָבקלאַנג נור אין'ם מאָלער'ס און סקולפּטאָר'ס ארבייט; אָבער אנדערש איז אין נאָרד: אַ שטרענגערע נאַטור, אַ נאָך ניט ענט־וויקעלטע קונסט גיט אַ מעגליכקייט דעם לעבען צו צובליהען זיך אין איהר גאַנצער פּראַכט.

אי איבסען, אי עלענשלעגער האָבען געהאַלטען מעהר פון'ם סקאַנדינאַווישען היידענטום, ווי פון'ם כריסטענטום, פון זידען. אַז די היידען, וואָס זיינען געקומען פון נאָרד, הערען, אַז בלאַנקאַ בעט גאָט פאַר איהרע שונאים, ווערען זיי שטאַרק צוטומעלט; אויף'ן יונגען קעניג מאַכען די ווערטער אַ שטאַרקען איינדרוק. עלענשלעגער'ס אדין (אין „יאַרל האָקאָן") גיט אָלאָף טרוגוואַזאָן'ען, וועלכער פיהרט איין אין'ם לאַנד דאָס כריסטענטום, דעם בעריהמ־טען בעפעהל: דינער, שטעל אָב מיינע פערד! אזוי ענטפערט אויף האַנהאָלף בלאַנקאַ'ן, ווען זי זאָגט, אַז ווען איהר גלויבען זאָל אי־בערגעטראָגען ווערען אין זיין נאָרדישען לאַנד, וואָלטען די נאַקעטע בערגפעלזען אפילו פּערדעקט געוואָרען מיט פייעריגע בלומען: זאָ־לען נאַקעטע און שטייל בלייבען די בערג־פעלזען, ביז זיי וועלען אליין ניט צופאַלען.

אָבער נערעכט איז בלאַנקאַ; די נייע צייט אין איהר געשטאַלט

געהט מיט'ן יונגען קעניג, וואָס קעהרט זיך אום אין'ם קאַלטען נאָרד. אונטער איהר ווירקונג ווערט ער עדלער, ווייכער. די אידעע פון גוטסקייט איז די העכסטע אידעע — דאָס איז דער זין פון'ם איינאַקטער. ניט קראַפט, נור גוטסקייט האָט געהאַט די גרעסטע בעדייטונג אין די אויגען פון'ם צוויי־און־צוואַנציג יעהריגען איבסען, ווי אויך אין די אויגען פון'ם גרויסען עלענשלעגער, וואָס איז שוין דאַמאַלס אַלט געווען זיבציג יאָהר. אין די שפּעטערע יאָהרען קוקט שוין איבסען אויף גוטסקייט מיט אַנדערע אויגען. דערמאָנט זיך נור אָן טאַנטע יולי אין „העדאַ גאַבלער“.

דער אַלטער וויקינג, וועלכען מען האָט איבערגעלאָזט אויף'ן ווייטען אינזעל, בעשליסט צו בלייבען דאָרט ביז'ן טויט זיינעם; פון איהם געהט ניט אוועק דער סקאַלד, ער דאַרף פערשליסען איהם די אויגען און זינגען איהם דעם הספד־לויבגעזאַנג; ווי האָט אַלעם דערמאָנט אָן עלענשלעגער'ן, אָן דער אַלטער גוטער ראָמאַנטיק. איבסען אימיטירט נאָך; אָבער שוין אין די לעצטע שורות פון דער פּיעסע רייסט זיך דורך דעם דיכטער'ס פּערזענליכקייט; בלאַנקאַ זאָגט, אַז אזוי ווי דער העלד געהט פון'ם טויטענבאַרג, אין וועלכען מען האָט בעגראָבען זיינע רעשט, גלייך אין וואַלהאַלאַ אריין, אזוי וועט פון זיין קבר אויפשטעהן אַ דורכגעלייטערטער נאָרד, מיט די פליגלען פון גייסט קלאַפּענדיג איבער'ן אָצעאַן פון נעראַנק!“

די דאָזיגע ווערטער האָבען קיין שיכות ניט מיט דעם תוך פון דער דראַמאַ; איבסען האָט זיי אַליין צוגעגליכען מיט זיין אייגענער האַנד צום מאַנוסקריפּט, וועלכער ליגט אין דער ביבליאָטעק פון'ם בערגענער טעאַטער. מיט די שורות איז אויסגעדריקט איבסען'ס טיפער, אונערשיטערליכער גלויבען אין צוקונפט.

דער איינאַקטער „דער טויטענבאַרג“ בעווייזט, וואָס פאַר אַ שטאַרקען איינדרוק אויף'ן יונגען איבסען האָבען געמאַכט די סקאַנ־דינאַווישע טראַגעדיען עלענשלעגער'ס. בעטראַכטען מיר זיין „אָלאַף ליליענקראַנץ“ און „דאָס פעסט אין סאָלהאוג“, זעהען מיר אויך, אַז ביז דרייסיג יאָהר האָט איבסען נאָך אַלץ געגלויבט, אַז די

נייערע דראַמאַטישע דיכטונג קען שעפּען איהרע סוזשעטען פון די מיטעלאַלטערליכע העלדענזאַגען.

די גאַנצע היינטיגע דעניש־נאָרוועגישע דיכטונג איז ניט מיט אמאָל געוואָרען רעאַליסטיש; פריהער איז זי געווען אונטער דער שטאַרקער ווירקונג פון די פאָלקסלעגענדען, דער ליטעראַטור פון דער איסלאַנדישער זאַגע און האָלבערג'ן. הענריק איבסען, ווי אַלע אַנדערע סקאַנדינאַווישע דיכטער, איז אַ צייט געשטאַנען אונטער דעמזעלבען איינפלוס.

דער, וואָס איז ניט בעקאַנט מיט די סקאַנדינאַווישע שפּראַכען, קען זיך ניט פאָרשטעלען, ווי בעצויבערענד דער סטיל און מעלאָדיע פון פאָלקסלידער און לעגענדען ווירקען אויף'ן סקאַנדינאַווישען גייסט. עס איז מעגליך, אַז די שעהנע לידער פון'ם דייטשען „דעם איינגעל'ס וואונדערהאָרן“ ווירקען אויך אַזוי שטאַרק אויף'ן גערמאַנישען גייסט, אָבער, אויף וויפיל איך וויים, האָט זיך ביז איצט קיין איין דייטשען דיכטער ניט איינגעגעבען אויסצושמידען אַזאַ דראַמאַטישע פאָרם פון פערז, וואָס זאָל איבערגעבען די רייכקייט פון קלאַנג פון די מיטעלאַלטערליכע פאָלקסליעדער און די גרויסע, איינגעהאַלטענע קראַפט, וואָס ליגט אין זיי. אויב „דעם פאַזש דורינג'ס הויז“ פון הערץ'ן האָט אין זיין צייט ארויסגערופען אַזוי פיעל רייד און געמאַכט אַזאַ שטאַרקען איינדרוק, ערקלערט זיך דאָס דערמיט, וואָס הערץ האָט דער ערשטער אָנגעהויבען שרייבען פערזען, וואָס זיינען עהנליך צום פערזענבוי פון די העלדישע פאָלקסזאַגען, האָבען די בעוועגליכקייט פון'ם ניבעלונגען־פערז און זיינען ניט לענגער פון אַ פינף־פיסיגען יאַמב. אודאי איז איבסען געווען גערעכט, בעהויפּטענדיג, אַז הערץ'ס דראַמאַ דערמאָנט שטאַרק אָן קלייסט'ס „קעטכען“ און אַז הערץ האָט מעהר צו פערדאַנקען קלייסט'ן, ווי זיין דראַמאַ („פעסט אין סאָלהאוג“) הערץ'ן. אָבער דאָך האָט איבסען געלערנט עפּעס פון הערץ'ן: פון איהם האָט ער זיך דערוואוסט, אַז מען קען אריבערטראָגען דעם טאָן און סטיל פון די העלדענזאַגען און לעגענדען אין היינטיגע זאַכען. מיר דוכט זיך, אַז איבסען דאַרף זיך ניט פיהלען בעליידיגט

פון דעם בעוואוסטזיין, אז הערץ האָט איהם בעאיינפלוסט. אויך דער גרעסטער מענש מוז לערנען זיך פון אנדערע.

„אָלאַף ליליענקראַנץ“ אינטערעסירט אונז דער עיקר דערמיט, וואָס ער בעווייזט, ווי שטארק איבסען איז פערצויבערט געווען פון'ם גייסט און טאָן פון די העלדענזאגען; אין איינינע ערטער פיהלט זיך אָבער שוין, אז דער דיכטער ווערט סקעפּטיש, וויל זיך אָברייסען פון דער ראָמאַנטישער שטימונג. אין דער דראַזיגער דראַמאַ זיינען געמישט פערשידענע ראָמאַנטישע עלעמענטען; ערשטענס א לעגענדע וועגען דעם הערר אָלאַף, וועלכען א וואסער־פעע פערנאַרט צו זיך, ווען ער פאָהרט צו דער חתונה (דאָס איז איינע פון די בעליבטעסטע מיטעלאַלטערליכע לעגענדען, מיט וועלכער עס האָבען זיך בענוצט הייבערג און גאַדע) און אויך די וואונדערבארע געשיכטע פון א יונגען מיידעל, דעם „וואַלד שקעפּ פון יוסטעדאַל“, וועלכע איז אין א צייט פון דער שרעקליכער מגפה, אין וועלכער עס זיינען אומגעקומען אלע איינוואוינער פון טאָל, ניצול געוואָרען פון טויט, האָט זיך, געלעבט שטיל! איינזאַם, דערשראָקען, ביז מען האָט זיך דערוואוסט וועגען איהר, ערצויגען זי און ענדליך חתונה געמאַכט.

די שפּראַך אין דער פּאָעמע, ווי אין די אנדערע ערשטע אויפלאגען פון איבסען'ס יוגענדארבייטען, איז א ריין־דענישע; קיין איין ניט־דענישע קאָנסטרוקציאָן, קוים־קוים א צעהנדליג נאָרוועגישע ווערטער. איבסען איז נאָך א תלמיד פון דער דענישער דיכטונג. די פערזען זיינען ריינע, לייכטע, שעהנע, אָבער ניט קיין אָריגינעלע. דאָס ווערק האָט ניט קיין גרויסע בעדייטונג אלס דראַמאַטישעס ווערק. אָלאַף איז די גאַנצע צייט אונענטשלאָסען, שרעקעדיג, טהוט, וואָס די מוטער הייסט. ווי אלע אָנהויבערס, פיהרט איבסען אריין פערפלאָנטערטע סיטואַציאָנען, וואָס נעמען זיך פון פעהלערען, מיספערשטענדניסען; די געשעהענישען ענטוויקלען זיך אויף'ן פאַנטאַסטישען און אונערוואַרטעסטען אופן: די העלדין אלפהילד געהט ארויס אין איהרע חתונה־קליידער, זייענדיג איבערצייגט, אז זי געהט באַלד חתונה האָבען מיט איהר

געליבטען, אָבער דער געליבטער האָט זיך גאָר אומגעקעהרט צו זיין פריהערדיגער כלה און וועט מיט יענער אין דעמזעלבען אבענד חתונה האָבען. די האַלב־פּעריקטע פון טרויער אַלפּהילד צינדט אונטער דאָס הויז פון'ם חתן און אנטלויפט; זי ווערט גע־משפּט, פעראורטיילט צום טויט און ענדיגט זיך אַלעס זעהר געמיטליך, די ביידע פּאָרען האָבען חתונה און זיינען גליקליך.

אין דער דאָזיגער ראָמאַנטישער געשיכטע איז דער דיכטער ניט נור ראָמאַנטיקער, עס פיהלט זיך שוין זיין סאַטירע, דער פּע־סימיסטישער טאָן. אַלפּהילד איז די טאָכטער פון א זינגער און מוזיקער, טאָרגיערד, וועלכער זיצט שטענדיג אין די בערג; ער האָט איהר געלערנט פון דער יוגענד אָן צו קוקען אידיליש אויף'ן לעבען און טויט. דער עיקר — טויט. דער פאָטער האָט איהר איינגע־שלעפּערט אין דער פאָרשטעלונג, אז דער טויט איז א קליינער עלף, וואָס בעפרייט דעם ליידענדען פון טרויער און פּיין, גרייט איהם צו א געלעגער פון ליליען און רויזען און פיהרט איהם אין א גאָלדען־וואָלקענדיגען וואָגען אין הימעל אריין, וואו ער חאַפּט זיך אויף צו הימלישער פרייד און רוה; דאָס מיידעל ענטדעקט אָבער גיך, אז אין אמת'ען איז דער טויט גאָרניט עהנליך צו דער דאָזיגער פּאָרשטעלונג וועגען איהם, אז ער ברענגט מיט זיך נור טרויער און ליידען; זי בעמערקט שטיל און פערטראַכט: „אין'ם ליעד פון מיין פאָטער איז דאָס ניט געשטאַנען".

אין'ם דאָזיגען אנטקעגענשטעלען די ווירקליכקייט דער וועלט פון פאַנטאַזיען איז שוין עפּעס דאָ, וואָס זאָגט אָן „פּיער גינט'ן". לעזענדיג די ראָמאַנטיש־לירישע ערטער, דערשמעקען מיר אין סטיל און טאָן עפּעס, וואָס פון יענעם סטיל, אין וועלכען דער יונגערמאַן פּיער גינט וועט שפּעטער ענטוויקלען זיינע חלומות פון דיכטער. אָן די רעפּליקען פון פּיער גינט און דעם אַלטען דאָווּרע דערמאָנען אונז פאָלגענדע שורות:

„גאַנץ ריכטיג, וועגען פריידען ווייסט מען דאָרט אויבען גאָר־ניט, — האָסט דו געהערט וועגען דעם אוצר פון'ם בארג־קעניג, וועלכער גליהט, ווי גאָלד? אָבער ווי נור דו שטרעקסט אויס די

האנד, ווערט פון'ם אוצר זאמד און שטויב. — אָ, הער מיך אויס, אלפהילד. עס איז זעהר מעגליך, אז דאָס זעלבע געשעהט אין לע־בען, — געה נישט צו צום לעבען צו נאָהענט, היט זיך פאר איהם, דאָס לעבען קען א בים טהון דיינע צארטע פינגער. דאָס לעבען פינקעלט, ווי די הימלישע שטערען, אָבער נור דאמאָלס, ווען דו קוקסט פון דערווייטענס אויף איהם".

נאָך אינטערעסאנטער איז אַן אָרט אין דריטען אקט. אינ־געבאָרג און העמינג אנטלויפען פון דער היים, כדי אויסצומיידען די לעגאלע הייראט, און פרואווען זיך איינאָרדנען אידיליש אין די בערג. זיי האָבען בעשלאָסען צו לעבען אן איינפאך לעבען: דער מאן וועט כאפען פיש, ווערען יעגער און זי וועט זיצען אין הויז, קאָכען, וואשען. אָבער העמינג האָט ניט קיין בויגען צום שיסען און ניט געצייג צום כאפען פיש; אינגעבארג קען זיך ניט בעגעהן אָהן דינסטען, געזעלשאפט, טענץ און ליעדער. זיי קענען ביידע ניט לעבען אויסער דער היימישער, בעקוועמער סביבה. די ליעבע האָט ניט קיין מאכט צו פערטרייבען פון זייער בעוואוסטזיין די אלטעגליכע זאָרגען. אין דער דאָזיגער סצענע האָבען מיר שוין פאלק'ן און סוואנהילד פון „דער קאָמעדיע פון ליעבע".

זעהר מעגליך, אז די ציטירטע ערטער זיינען ניט געווען אין דער ערשטער אויפלאגע, נור זיינען צוגעשריבען געוואָרען שפעטער, אין'ם יאָהר 1856.

ריין איבסענישע טענער הערען זיך אין טאָרגיערד'ס דעם זינגער'ס לעצטער רעפליק. ציטעריגער ווערט די שטימע פון דיכ־טער, ווען נור עס קומט איהם אויס צו בעשרייבען דאָס נע'ונד־לעבען און אייביגע אונזיכערקייט, וואָס בעגלייטען דעם זינגער אויף זיין לעבענס־וועג.

„דער זינגער האָט ניט קיין היים און קיין אייגען הויז; זיין גייסט וואנדערט ארום, ניט געפינענדיג אין ערגעץ קיין רוה. יע־דער איינער, וואָס האָט ליעדער אין הארצען, האָט ניט קיין הויז אין טאָל, איז אָהן א היים אויפ'ן ברעג. אין דער אלטאנע, אויף דעם גרינעם פעלד מוז ער זינגען און זיינע לידער אקאָמפאנירען

אויפ'ן ציטערענדער אינסטרומענט. ער דאַרף זיך צוהערען צו די טיפסטע אָבקלאַנגען פון לעבען, צום גערויש פון וואַסערפאַל, צו די ווערלען פון'ם ווילדען פּיאָרד, צו די וואונדערבארע מעשיות, וואָס ווערען דערצעהלט מיט אַ ציטערענדיגען האַרץ; זיין ליעד דאַרף איינהילען די חלומות פון פאָלק אין קלאַנגען און ווערטער און ערקלערען איהם די געדאַנקען, וואָס געהרען אין האַרצען.

„אָלאַף ליליענקראַנץ" איז פאַרהאַן נור אין דער פאָרם פון אַ מאַנוסקריפּט, פון וועלכען עס זיינען גענומען געוואָרען די ראָלען, ווען מען האָט מיט איין־און־פערציג יאָהר צוריק געשפּילט די דראַמאַ. די פּיעסע איז ניט שטאַרק געפעלען געוועהן די אָרטיגע קריטיקער און איז, ווייזט אויס, דעם דיכטער אליין אויך ניט שטאַרק געוועהן געפעלען, ווייל ער האָט ניט געמאַכט קיין אָנשטרענגונגען צו פערעפענטליכען זי. איצט האָט די פּיעסע, ווי אַלעס, וואָס איבסען האָט געשריבען אין דער יוגענד, אַ גרויסען היסטאָרישען און פּסיכאָלאָגישען אינטערעס. ער הויבט אָן מיט „קאַטילינא'ן", איז ראָמאַנטיש, אָבער שוין אין „אָלאַף" זעהט מען, אַז דער ראָמאַנטיזם האָט אויפגעהערט צו ווירקען אויף איהם און ער האָט אָנגעהויבען שטאַרק צו צווייפלען אין דער ריכטיגקייט פון דער ראָמאַנטישער וועלטאַנשויאונג, וואָס רעכענט זיך גאָרנישט מיט דער ווירקליכקייט און ערפאַהרונג.

„אָלאַף ליליענקראַנץ" איז אַן איבערגאַנגס־ווערק, אַ פאָרשטופע צו דעם „פּעסט אין סאָלהאוג".

איבסען האָט אין דער הקדמה צו דער צווייטער אויפלאַגע פון'ם „פּעסט" אזוי קלאָר ערקלערט, ווי אזוי די דאָזיגע דראַמאַ איז ענטשטאַנען און ווי דאָס פּובליקום האָט זי אויפגענומען, אַז עס איז ניט געבליבען וואָס צו זאָגען וועגען דעם נאָך. וואָער קען ווירקליך בעסער וויסען פון'ם אוטאָר, ווי זיין דראַמאַ איז ענטשטאַנען, וועלכע אויסערע און אינערע אורזאַכען האָבען איהם געטריבען צו שרייבען זיין ווערק. עס וואָלט געוועהן זעהר אינטערעסאַנט, ווען איבסען זאָל אונז דערצעהלען, ווי אזוי זיינע איבריגע דראַמען זיינען ענטשטאַנען, און דאָך קען מען זיך ניט בענוגענען מיט דעם,

וואָס ער אליין וועט אונז זאָגען. איבסען איז צו איינגעהאלטען, רעזערווירט, אי אלס מענש, אי אלס דיכטער. אין דער הקדמה גיט ער אָן אָנצוהערעניש, אז עפּעס פּערזענליכעס ליגט הינטער זיינע פּאָעטישע שטימונגען און ליטעראַרישע ארבייטען. דערצעהלענדיג, פאר וואָס ער האָט זיך גענומען שרייבען א ליריש־ראָמאַנטישע דראַמאַ אנשטאָט „די פעלד־הערען אין העלגאָלאַנד“, וועלכע ער האָט געהאַט אין זין צו שרייבען, בעמערקט ער קורץ: „אָבער דאָ איז געשעהן פיעל נייעס, אונערוואַרטעטעס. דאָס אלץ איז מייסטענטייל, געוועזען ריין פערזענליך, האָט שטאַרק געווירקט אויף מיר און אָנגעריהרט מיין פּערזענליך לעבען. אָבער איך רעכען, אז געהאַט א בעדייטונג האָט אויך דאָס, וואָס גראָד דאַמאָלס האָב איך זיך גענומען לעזען „די נאָרוועגיער פאָלקסמערכען“, פון לאַנדסטאַד“. הייסט עס, אז דער עיקר האָבען פערזענליכע איבערלעבונגען סטימולירט איבסען'ען אין דער צייט, ווען ער האָט געשריבען „דאָס פעסט“; איבריגענס דאָס פיהלט זיך אין דער פּיעסע אליין. דיזעלבע טעמע בעארבייט איבסען אויך אין אנדערע זיינע יוגענדווערק; דאָס איז א סמן, אז זי ריהרט איהם אָן, איז מעהר ווי א טעמע.

עס פערשטעהט זיך, אז א קריטיקער קען ניט רעדען וועגען די פערזענליכע מאָטיווען פון א ווערק, וועלכע דער אוטאָר האַלט ניט פאר נויטיג צו ענטפּלעקען. אין דער פּיעסע גופא וויברירט עפּעס יוגענדליכעס, זי ווירקט אויף אונז, ווי די מוזיק פון יוגענדשטימונגען; אין איהר זיינען בעהאלטען פערזענליכע איבערלעבונגען, וואָס זיינען אונפערמיידליך אין'ם לעבען פון יעדען טאַלענטפולען יונגען מענש. אין דער פּיעסע טרעט ארויס א יונגע, ליידענשאַפטליכע פרוי, וועלכע דער דיכטער קען נאָך פון יענע יאָהרען, ווען ער איז געווען האלבקינד. ער האָט זי אמאָל ליעב געהאַט, אָבער דאָס איז געווען שוין לאַנג; זי האָט דערווייל חתונה געהאַט און ניט געפונען קיין בעפרידיגונג אין איהר פאַמיליען־לעבען, אָבער וועגען איהם האָט זי געטראַכט די גאַנצע צייט. אין דער דראַמאַ האָבען מיר פון איין זייט א פרוי, וואָס האָט שטאַרקע

געפיהלען און איז דערגאַנגען צו פערצווייפלונג, פיהרט אריין אין נסיון און ווערט פערפיהרט אליין צו פערברעכען — און פון דער אנדערער זייט א נאַאיוו־פערליבטע און איבערגעגעבענע יונגע מיי־דעל. וויכטיגער פון אנדערע פערזאָנען איז דער דיכטער. ער איז אריינגעדרונגען אין מארגיט'ס הארץ מיט זיינע לידער און מיט זיי האָט ער געריהרט סיגנע'ס הארץ דריי יאָהר שפּעטער. ער ווערט פערפאָלגט, ווי איבסען אליין, וואָס האָט גאָר פריה דער־פיהלט, אז ער איז א פערפאָלגטער; ער האָט קיין היים ניט, ווי טאָרגיערד אין „אָלאף". „דאָס פעסט" דריקט אויס אין פּאָעטי־שער פאָרם, ווי דער יונגער ריטער און זינגער רייסט זיך ארויס פון די נעצען, אין וועלכע עס האָט איהם אריינגעשלעפּט די ערשטע ליעבע, וועלכע ער האָט אַנגעצונדען אין דעם פרויען־הארץ.

די קליינע פּאָעמע איז פיין געבויט; זי האָט זיך אויסגע־גאָסען פון'ם דיכטער'ס הארץ, ווי איין הארמאָנישעס גאַנצעס: אלע דעטאלען זיינען גוט בעטראַכט, אלע מאָמענטען זיינען פּסי־כאָלאָגיש צונעגרייט און בעאַרבייט. מיט א זיכערקייט פון אן ער־פאהרענעם דראַמאַטורג מאָלט איבסען די זעעלען־פּיינען פון מאר־גיט, וואָס ווערען אלץ שטארקער און ברענגען זי צום פערברעכען, צום אונטערגאַנג. קלאָר זעהען מיר די פינסטערע קרעפטען, וואָס האָבען געהערשט איבער איהר. בכלל שטעהען אלע פּערזאָנען פון דער דראַמאַ ווי לעבעדיגע פאַר אונזערע אויגען; מיר זעהען זיי, ווי געמאָלענע אויף א גלאָז מיט העלע, ליכטיגע פארבען, מיט לייכט אָנגעוואָרפענע, אָבער קלאָרע קאָנטורען. שארפער פון אלע איז געמאָלען די פיגור פון מארגיט'ס מאַן, דעם עהרליכען, נארי־שען, טאַקטלאָזען בענגט; דאָס איז די איינציגע קאָמישע, אביסעל קאַריקאַטורענהאַפט געצייכענטע פיגור.

געשריבען איז די דראַמאַ אין פּראָזאַ און פערזען; די דאָזיגע געמישטע פאָרם שאָקירט ניט. דער דיאלאָג דערהויבט זיך פון'ם איינפאַכסטען שמועס צום צאַרטסטען ליריזם און ליידענשאַפטליכען געפיהל. דער צווייטער אַקט ענדיגט זיך שטארק דראַמאַטיש. מיר פיהלען דעם צוקונפטיגען מייסטער פון וואָרט.

עס לאָזט זיך זאָגען, אז „דאָס פעסט אין סאָלהאוג“ איז גע־שריבען פון א יונגען ראָמאַנטיקער, וועלכער האָט בעוואוסטזיניג פערוואַנדעלט א טראַגישען סוזשעט אין א לירישע פּאָעמע; אָבער שוין פיהלען מיר, אז אין דעם ראָמאַנטיק׳ס הארץ זיצט א טראַ־ניקער, וועלכער וועט ווערען גרויס, ווי נור די אונרחמנות׳דיגע ליעבע צום אמת וועט ווערען זיין הערשענדע ליידענשאַפט.

„פרוי אינגער“ האָט איבסען אָנגעשריבען ווינטער־צייט אין׳ם יאָהר 1854, אין בערגען; די פיעסע האָט מען געשפּילט דאָס ערש־טע מאָל אין בערגענער טעאַטער, דעם 2טען יאנואר 1855; אין 1857 איז זי געווען אָבגעדרוקט אין עטליכע עקזעמפּלארען און ענדליך איז זי פערעפענטליכט געוואָרען אין א לייכט־בעארבייטעג־דער פאָרם אין 1879. שפּעטער צו האָט מען „פרוי אינגער“ גע־שפּילט אין נאָרוועגיען, שוועדען, פינלאַנד און דייטשלאַנד. דאָס איז זיכער די בעסטע אַרבייט, וואָס איבסען האָט געשריבען ביז׳ן דרייסיגסטען יאָהר פון זיין לעבען. די פיעסע איז לויט איהר אינ־האַלט א נאָרוועגיש־נאַציאָנאַלע. דער דיכטער איז א הייסער פּאַט־ריאָט; ער האָט ניט שטאַרק ליעב דענעמאַרק. דאָס דאַרף אונז ניט וואונדערען. ערשטענס, איז דער סוזשעט א נאַציאָנאַל־פּאַט־ריאָטישער, און צווייטענס זיינען די נאָרוועגען געווען פיינדליך געשטימט געגען אַלעם דענישען, אזוי לאַנג ווי אויף דער סצענע אין כריסטיאַניאַ האָט מען געשפּילט דעניש און אויף פערשידענע געביטען פון גייסטיגער טעטיגקייט איז שטאַרק געווען די שטרע־בונג צו בעפרייען זיך פון די טראַדיציאָנען פון יענער צייט, ווען דענעמאַרק האָט גייסטיג פערשקלאַפט נאָרוועגיען.

נעמט מען די נעמען פון די פּערזאָנען, וואָס פיגורירען אין „פרוי אינגער“, מוז מען זאָגען, אז דאָס איז א היסטאָרישע דראַ־מאַ, אָבער אין אמת׳ן האַלט זי זיך גאָר ניט אָן די ווירקליכע היס־טאָרישע געשעהנישען. פרוי אינגער איז פאַקטיש גאָר ניט געווען די פערטרעטערין פון אנטי־דענישע טענדענצען; זי ליידט ניט דערפון, וואָס איהר טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט א דענישען עדעלמאַן; „דער יונגלינג פון טאָל“, וועלכען זי ערקלערט פאַר׳ן

חתן פון איינער פון איהרע טעכטער, איז ניט איהר זוהן און סמען סטורע׳ס, כאָטש זי האַלט איהם פאַר איהר זוהן. ניִלס ליוקע, אויף וועלכען איבסען האָט איבערגעטראָגען א טייל פון יענע כאראַקטעריסטישע שטריכען, וועלכע ווערען צוגעשריבען אין לידער און זאגען דעם דענישען עדעלמאַן קאַי ליוקע, איז גאָר ניט געווען אזא פערפיהרערישער מענש, וואָס פערצוויבערט אַלע יונגע פרויען, ווי איבסען מאַלט איהם אויס; ער האָט פריהער געהייראט פרוי אינגער׳ס טאָכטער, עלינע, און דערנאָך, ווען זי איז געשטאָרבען, האָט ער געהאט א פערבינדונג מיט דער אַנדערער טאָכטער, לוטשיא, וואָס איז געווען א גרויס פערברעכען, לויט די בעגריפען פון יענער צייט און דער סוף איז געווען, אז מען האָט איהם פערשפּארט אין געפענגניש און פעראורטיילט צום טויט.

איבסען האָט אויף אן אייגענאַרטיגען אופן געמאַלען די אַלע פערזענליכקייטען און בעציהונגען. פון גאַרנישט האָט ער בעשאפען די פיגור פון א העלדישער פרוי, א נאַציאָנאַלער זשאַן ד׳ארק, וואָס געהט בעפרייען איהר פאָטערלאַנד. פון אייגענער פאַנטאַזיע — און ניט פון געשיכטע — האָט ער גענומען אן אנדער געשטאַלט, די געשטאַלט פון׳ם דענישען ריטער ניִלס ליוקע, אן אמביציעזען דיפּלאָמאַט און קלוגען אינטריגאַן, וואָס איז געווען בעריהמט מיט זיינע אונגעווענליכע טאַלענטען פון א דאָן־זשואַן. לוקע איז ניט אזא אָריגינעלער געשטאַלט, ווי פרוי אינגער, אָבער געמאָלען איז ער לעבעדיג און מיט העלע פארבען און א מוטיגער האַנד. אין דערזעלבער דראַמא האָט איבסען אויך געצייכענט די בעצייבערענדע, ריהרענדע געשטאַלט פון דער יונגער עלינע גול־דענלעווע, וואָס איז אמאָל געווען שטאָלץ און עקשנות׳דיג, און האָט זיך שפּעטער אָבגעגעבען אינגאַנצען דעם געפיהל פון ליידענשאַפט־ליכער ליעבע.

איבסען האָט אויסגעקליבען א טראַגישען סוזשעט, אָבער ער האָט אריינגעפיהרט אין איהם דעם עלעמענט פון אינטריגע; די פערזאָנען געהען ארום אין דער פינסטער, ווערען געשטרויכעלט, הויבען זיך אויף און פאַלען ווידער אריין אין די פון׳ם אוטאָר אויס־

געשפרייטע נעצען. ווערען זיי צוריסען אמאל, איז דאס מיט א כונה: אויף א מינוט האט ער ארויסגעלאזט פון די הענד זיינע מענשען און באלד וועלען זיי פערלירען דעם קאפ, פערפלאנטערען זיך, טהון נארישקייטען, און דאך זינדיגט ניט דער דיכטער געגען דער ווירקליכקייט: עלינע, צוםביישפיל, איז געגוי בעקאנט מיט'ן שיקזאל פון איהר אומגליקליכער טאכטער, זי ווייס נור נישט דעם נאמען פון'ם מענש, וואס איז שולדיג אין איהר טויט און אזוי וועט זי טאקי קיינמאל אין לעבען ניט דערגעהן, אז דער דאזיגער מענש איז נילס לוקע, יענער לוקע, וועלכען זי האט אזוי שטארק ליעב. די גאנצע פיעסע איז פערזעהט מיט געהיימניסען, קונצען, מיס־פערשטענדנישען. אין „פרוי אינגער" לאזט זיך פיהלען איבסען, דער געניאלער מיסטיפיקאטאר. א מיסטיפיקאטאר איז ער גע־בליבען זיין גאנץ לעבען. אין דער פיעסע פיהלט זיך די האנד פון א גרויסען קינסטלער און ערפאהרענעם טעאטערמענש, וועלכער האט געלערענט פון די אויסלאנדישע, דער עיקר פראנצויזישע דראַ־מאטורגען און פון זיין טעגליכער ערפאהרונג, ווי צו קאנסטרואירען די פיעסע, אז זי זאל וואס שטארקער ווירקען אויף די זעעלען פון צושויער.

שוין אין אנהויב פיעסע ווייס אלאף סקאקטאוול, אז ער דארף בעגעגנען אין עסטראט א מענשען, אבער ער ווייס ניט, ווער דער מענש איז. נילס האפט צו זעהן אין שלאס גראף סטורע'ן; הע־רענדיג, אז עפעס אן אונבעקאנטער איז געקומען אין שלאס, נעמט ער אן גאנץ נאטירליך סקאקטאוול'ן פאר סטורע'ן; סקאקטאוול פון זיין זייט ווידער האט ערווארטעט נילס סטענסאן'ען און גלויבט, אז נילס לוקע איז דער ערווארטעטער גאסט. דער דענישער רי־טער ווייס ניט, מיט וועמען ער האט זיך אייגענטליך בעגעגענט, אבער ער דערוויזט איהם זעהר איבערציינגענד, אז ער איז דאס דער מענש, וועלכען סקאקטאוול זוכט. אבער פלוצלונג קומט אריין נילס סטענסאן; ער האט אויך געדארפט טרעפען אין עסטראט אן אונבעקאנטען, וועגען וועלכען ער האט ניט געהאט קיין גענויע פארשטעלונג, אבער ער האט איהם געדארפט איבערגעבען פאפירען

און בריוו. נילס לוקע'ן גיט זיך איין מיט אַ קונץ צו פערכאַפּען די דאָזיגע פּאַפּירען, וואָס זיינען בעשטימט פאַר אַלאַף סקאַק־טאַוול'ען און אויף אַזאַ אופן דערגעהט ער געהיימניסען, וואָס גיבען איהם אַ מאַכט איבער אַנדערע; די מאַכט ווערט נאָך שטאַרקער, ווען פרוי אינגער דערצעהלט איהם, וואָס פאַר אַ געהיימניס פער־אומערט איהר לעבען.

ביסלעכווייז ווערט העלער אין דער אַרומיגער פינסטערניש: נילס לוקע דערוויסט זיך, אַז נילס סטענסאָן איז פרוי אינגער'ס און סטען סטורע'ס זוהן, דערצעהלט דאָס איהם און עס דוכט זיך, אַז אַלץ געהט מיט שנעלע טריט צום נאַטירליכען סוף — פּלוצלונג אָבער ווערט די פינסטערניש געדיכטער, ווייל נילס לוקע האָט גע־צוואונגען סטענסאָן'ען איהם צו־צוזאָגען, אַז ער וועט שווייגען און ניט דערצעהלען דעם סוד. שווייגט סטענסאָן און דערצעהלט ניט דער מוטער, ווער ער איז, און זי — דאָס איז אַגב גאַנץ אונ־וואהרשיינליך — האָט קיינמאָל ניט געזעהן איהר געליעבטען זוהן. זי נעהמט איהר זוהן אָן פאַר'ן געגנער זייגעם, וועלכער פּרעטענ־דירט אויפ'ן טראָן און הייסט איהם טויטען, געטריבען פון הייסער מוטערליעבע און אונערזעטליכער אַמביציאָן.

כדי צו פערשאַרפען נאָך די סיטואַציאָן, געברויכט איבסען אַ קונץ, מיט וועלכען ער בענוצט זיך אָפט אין די שפּעטערדיגע דראַ־מען, אַ קונץ, וואָס איז שוין פון אַריסטאָטעל'ן פערדאַמט געוואָרען אין זיין „פּאָעטיק"; ער בעהאַלט אי פון די פּערזאָנען, וואָס פי־גורירען אין דער דראַמאַ, סיי פון די צושויער די ווירקליכע געשעה־העגישען, וואָס האָבען געפיהרט צו דעם אַלעמען, וואָס ווערט גע־מאָלען אין דער פּיעסע. פון דעם פיין־געבויטען דיאַלאָג ווערט ניט קלערער די צושויער, אין וואָס בעשטעהט אייגענטליך פרוי אינגער'ס געהיימניס, וואָס לאָזט איהר ניט ערפילען איהר גרויסע פּאַטריאָטישע פליכט. ניט קוקענדיג אויף די אַלע אייגענטימליכ־קייטען און פעהלערען, אויף די צו לאַנגע שמועסען, איז אין דער דאָזיגער דראַמאַ זעהר פיעל גראַנדיעזיטעט, פיעל טראַגישע גרויס־קייט. די איינפאַכסטע סצענען זיינען די בעסטע סצענען. איב־

סען׳ס ניט סטענסאָן איז פרישער פון אַלוף׳ן אין עלענשלעגער׳ס „קעניגין מארגארעט״; ער ברענגט מיט זיך אויף דער סצענע אריין די זאָרגלאָזע יוגענד; א שטארקען איינדרוק מאכען די סצע־נען צווישען עלינע און נילס לוקע: אונבעמערקט וואכט אויף די ליידענשאפט אין עלינע׳ס הארץ, ווערט אלץ שטארקער און מוז פאטאל ברעננען צום אומגליק.

פרוי איננער האָט א גלויבען, אז יעדער בעדייטענדער מענש האָט זיך זיין שיקזאל, זיין בערוף; דעם בערוף דארף ער טריי זיין, טאָר ניט פעררעטען איהם און וויל ער איהם טריי זיין, מוז ער אָפּפערען מיט זיינע נייגונגען, געפיהלען און פריידען; אוראי וואָלט ער געווען גליקליכער, ער זאָל ניט צוהערען זיך צו דעם קול פון זיין בערוף, אָבער וועה צו איהם, אז ער וועט זיך לאָזען פער־נארען פון׳ם גליק און זיך אויסלאכען פון זיין בערוף. פרוי איננער ווערט פאראליזירט פון איהר מוטערליכער ליעבע; זי האָט געזינ־דיגט געגען איהר בערוף דערמיט, וואָס זי האָט געבאָרען א זוהן; דערפון נעהמען זיך אלע איהרע אומגליקען, די דאָזיגע ריין פּאָע־טישע אמונה אין בערוף פיהלט זיך אויך אין „די פּרעטענדענטען אויף׳ן טראָן״, אין „בראנד״, „פּיער גינט״, „סיסר און גאלילעער״, „דער פאָלקס פיינד״, „ראסמערסהאָלם״, „ארכיטעקטאָר סאָלנעס״. די דאָזיגע אמונה האָט געשטארק איבסען׳ען אין זיין לעבען; איינ־טערעסאנט איז, אז אין זיין בעט־שריפט צו קעניג קארל פון 1866, שרייבט ער: „דער לעבענסבערוף, וועלכען, ווי איך גלויב און וויים אונערשיטערליך, גאָט האָט ארויפגעלעגט אויף מיר״. — אזוי האָט ער געקוקט אויף זיין אייגענעם פּאָעטישען בערוף.

II

איבסען איז געוואָרען דער אנערקענטער דיכטער. עס איז שוין געווען זיכער, אז קיינער קען ניט אָבשוואכען אָדער ערשי־טערען זיין רעפּוטאציאָן. און פּלוצלונג שרייבט ער אָן „די גע־שפּענסטער״ — א טיף ווערק, א גרויס, בעדייטענד ווערק. און

גראד „די געשפענסטער" האבן געמאכט א תל פון זיין רעפוטאַ־ציאַן און נאמען. „די געשפענסטער" האבן אויפגעבראכט די גאנצע וועלט געגען דעם דיכטער. אויף איבסען'ען איז אנגעפאלען סיי די ליבעראלע פרעסע פון נארוועגיען, סיי די קאנסערוואטיווע; אין דענעמארק האבן כמעט אלע קאנסערוואטיווע צייטונגען גע־שאטען פעך און שוועבעל אויף „די געשפענסטער". די דראמא האט זיך אין נארוועגיען גארניט פערקויפט.

זעהר בעטריבט האט איבסען'ען די בעציהונג פון זיינע נאר־וועגיער צו „די געשפענסטער". א סמן האבן מיר, אז פריהער האט איבסען יעדע צוויי יאהר געדרוקט א נייע זאך, אבער איצט האט ער זיך געאיילט און מיט א יאהר פריהער פערענדיגט זיין נייע דראמא „דער פאלקס פיינד". אין איהר האט זיך אויסגעדריקט די שווערע שטימונג, וואס האט ארומגענומען איבסען'ען נאך'ן שרעקליכען דורכפאל פון זיינע „געשפענסטער". אין'ם „פאלקס פיינד" דערצעהלט איבסען, וואס פאר א צרות עס שטעהט אוים אן עהרליכער, טאלענטפולער מענש, א קוראַרט־ארצט אין א קליי־נעם נארוועגישען שטעדטעל, ווי נור ער ענטדעקט, אז דאס וואסער פון'ם קוראַרט איז פערגיפטעט. דער נאאיווער מענש האט גע־מיינט, אז ווי נור ער וועט דערצעהלען פון דער צרה און געבען אן עצה וואס צו טהון, וועלען אלע מיטבירגער, טיף דאנקבארע, לויפען פאלגען איהם. זיי וועלען זיך פרעהען, האט ער געטראכט, וואס זיי זיינען דערגאנגען וועגען אזא קאטאסטראפע. אין אנהויב איז דאס טאקי אזוי. ס'איז געוועזן א מאמענט, ווען די אפאזיציאן איז ווי גרייט צו אונטערשטיצען איהם, כדי צו בענוצען זיך מיט זיינע ענטפלעקונגען אין קאמפף מיט זייערע פאליטישע געגנער. אבער באלד האבן זיך די שטאדטישע לייט דערשראקען: די שטאדט קען דאך פערלירען די רעפוטאציאן פון א גוטען קוראַרט; די קראנקע וועלען דערגעהען און זיצען אין דער היים אדער אויסקליי־בען אן אנדער קוראַרט. די שטאדט בירגער מאכען א חשבון, אז זיי דארף קאסטען זעהר פיעל געלד איבערצובויען ראדיקאל די וואַ־סערלייטונגען און אלע ווי איין מענש טרייסלען זיי זיך אב פון'ם

קאָמישען מענש, וועלכער ווערט ניט געבלענדעט פון זייערע גאָל־דענע הבטחות און ניט דערשראָקען פון זייערע דראָהונגען. די שטאָדט־בירגער ווענדען זיך ניט נור אָב פון איהם, נור אנטקעגען איהם, לאָזען איהם ניט רעדען, פערשיטען איהם מיט אַ האָגעל פון זידלערייען און בעליידיגונגען, לאָזען זיך אפילו צו זיין הויז און פערוואַרפען איהם מיט שטיינער.

די צייטגענאָסען, וואָס האָבען פון נארישקייט אָדער היפּאָ־קריטישקייט פערשאָטען מיט אומריינקייט „די געשפּענסטער“ און ניט געלאָזט איהר שפּילען, האָבען געטהון אַ גרויסע טובה דער וועלט־ליטעראַטור דערמיט, וואָס מיט זייער בעציהונג צו איבסען׳ס ווערק האָבען זיי געצוואונגען איהם אָנצושרייבען דעם פאָלקס־פיינד. דאָס איז איינע פון די שאַרפסטע און שאַרפזיניגסטע פון אַלע דראַמען, וואָס איבסען האָט אָנגעשריבען. דר. שטאָקמאַן איז זעהר אָריגינעל און האָט אין זיך פיעל לעבען; איבערינענס שאַדט דאָס איהם ניט אריינלעגען דעם מוטיגען און הומאָריסטישען שטאָק־מאַן אין מויל זיינע אייגענע אידעען.

„דער פאָלק׳ס פיינד“ גיט צום ערשטען מאָל אַן אויסדרוק איב־סען׳ס אריסטאָקראַטישע אידעען. קיינמאָל נאָך האָט איבסען ניט געפּערדיגט אַזוי ענערגיש און קרעפטיג, אַז די מאַיאָריטעט איז שטענדיג אומגערעכט. די פּיעסע פערענדיגט זיך מיט אַ פּאַראַ־דאָקס, וואָס דערמאָנט אַן קירקעגאָרד׳ס ווערטער: „דער שטאַרקס־טער מענש אין דער וועלט איז יענער, וואָס שטעהט אַליין“. בכלל קען מען זאָגען, אַז זייט איבסען האָט אָנגעשריבען „בראַנד׳ן“ איז ער קיינמאָל ניט געוועזען אַזוי שטאַרק אונטער קירגעגאָרד׳ס וויר־קונג, ווי אין „פאָלק׳ס פיינד“. אָבער דאָס, וואָס איז געוועזען ביים גרויסען דענקער, וועלכער איז געשטאָרבען מיט אַ גענעראַציאָן פריהער, איידער „בראַנד“ איז ערשינען, אַן איבערציינגונג, אַ פּרינ־ציפּ, וואָס איז פערבונדען מיט זיין פערזענליך לעבען, ווערט אין „פאָלק׳ס פיינד“ אויסגעדריקט אין לעבעדיגע געשטאַלטען, וואָס זיינען געמאָלט מיט אַ שאַרפזין און סאַטירע, וועלכע איז ניט שוואַ־כער פון קירקעגאָרד׳ס.

נאָך'ן „פאָלק'ס פיינד" איז ערשינען „די ווילדע ענטע", אַן אוננעוועגליך קינסטלעריש ווערק, דאָס טרויעריגסטע פון אַלע דראַמען איבסען'ס; אפילו אזא נידריגע פרויען־געשטאַלט, ווי גינא, די אַמאָליגע געליעבטע פון'ם קאָמערסאַנט ווערלע, און די איצטיגע פרוי פון'ם נארישען, אפעקטירטען גיאַלמאר עקדאַל, איז געמאָלען מיט גרויסער ליעבע. מיט גרויסער ווארעמקייט מאָלט איבסען העדוויגע'ן, דאָס ריהרענדע, ליעבע, גרויסמוטיגע קינד; זיין גאַנצע ליעבע האָט איבסען אָבגעגעבען העדוויג'ען. אין דעם אונגעוועגליכען, פאנטאַסטישען ווערק פיהלט זיך נאָך דער איינדרוק, וואָס אויף איבסען'ען האָט געמאכט די פיינדליכע בעציהונג פון דער וועלט צו „די געשפענסטער". גרעגערס ווערלע איז אַ קאריקאטור אויף'ן פאַנאַטיקער פון אמת. האָבענדיג אויסגעגאָסען זיין גאַנצען כעס אויף'ן פאָלק, האָט זיך איבסען, ווייזט אויס, אליין געפרעגט, צי לוינט זיך דער גאַנצער עסק, ד. ה. צי איז ווירקליך דער דיכטער פערפליכטעט דערצעהלען מיטעלמעסיגע מענשען — אַזעלכע מיטעלמעסיגקייטען, ווי די נאַרוועגיער, — דעם גאַנצען אמת, דעם ריכטיגען אמת, און צי איז אפשר דער ליגען ניט די נויטיגע בעדינגונג פון זייער עקזיסטענץ. דער רוהיגער הומאָר, וואָס ליגט אין איבסען'ס ענטפער אויף דער דאָזיגער פראַגע, לייכט דורך די געשטאַלט פון גרעגערס ווערלע, וועלכער איז אַן איבריגער מענש, וואָס מישט זיך אומעטום. ער שרייט אויס אין אַלע פויערים־שטיבלעך זיינע אידעעלע פאָדערונגען און נור צום סוף פיעסע הערט ער זיך איין אין דעם טיפען אמת, אַז

„דער, וואָס נעמט צו דעם ליגען ביים מיטעלמעסיגען מענשען, נעמט צו ביי איהם אויך דאָס גאַנצע ליכט פון זיין לעבען." ,

אַן אמת, וועלכען איהם האָט דערצעהלט דער ציניש־גוטמוטיגער רעדלינג, וואָס פערקערפערט איבסען'ען דעם הומאָריסט.

ווי קינסטלעריש הויך „די ווילדע ענטע" שטעהט, קען מען זעהן, פערגלייכענדיג זי מיט „די זיילען פון דער געזעלשאַפט". „די זיילען" ענדיגען זיך מעלאָדראַמאַטיש, די וויכטיגסטע פערזאָן האָט פלוצלונג חרטה, דער קעניג ווערט אויף אַן אוננאַטירליכען וועג

גערעטעט — דאָס אַלץ זיינען צופעליגע עפעקטען, וואָס דערפיהרען די אַלע שרעקען און מיאוסקייטען צו אַ גליקליכען סוף. אין „דער ווילדער ענטע" איז אַלעס קינסטלעריש שטרענג בעאַרבייט, די פאַרבען זיינען צאַרט, דאָס לעבען איז געמאָלען ערנסט און ביטער און דאָך הערליך.

עס איז מעגליך, אַז אויך אין „ראָסמערסהאָלם" הילכען נאָך אָב די דונערען פון דער שטורמישער אַטאַקע אויף „די געשפענס־טער". ראָסמער הויבט אָן דערמיט, וואָס דאָקטאָר שטאָקמאַן ענדיגט. ער וויל פון אָנהויב דאָס, צו וואָס דער דאָקטאָר דער־גערהט ערשט צום סוף פון „פאָלק'ס פיינד", נעמליך, ער וויל זיינע צייטגענאָסען פערוואַנדלען אין שטאָלצע, פרייע, עדלע מענשען. אין אָנהויב פון דער פיעסע מאַכט ראָסמער אויף אייך דעם איינדרוק פון אַ זעהר קאָנסערוואַטיווען מענש — פאַר אַזאַ מענש האָט מען געהאַלטען אויך איבסען'ען אין נאָרוועגיען אַ צייט נאָך דעם, ווי „דער בונד פון דער יוגענד" איז ערשינען. אַלע האַלטען פון ראָס־מער'ן, אַכטען איהם, פערעהרען איהם; אַלץ, וואָס ער טהוט, ווערט אויסגעטייטשט אויף'ן בעסטען אופן. אָבער ווי נור ראָסמער בע־פרייט זיך גייסטליך, פערלאָזט זיין קאָנסערוואַטיווע וועלט אַנשוי־אונג און גיט צו פיהלען, וואָס פאַר אַ אינערע ענדערונג איז פאַר־געקומען אין איהם, ווענדט זיך די געזעלשאַפטליכע מיינונג געגען איהם. די קאָנסערוואַטאָרען פערפאָלגען איהם, און די ליבעראַלען בעטען איהם שווייגען, ווייל ער קען זיי זיין ניצליך נור בלייבענדיג אין זיין געזעלשאַפט; זיי ווילען גאָרניט האָבען אין זייערע רייהען אַן אויסגעשפּראָכענעם פריידענקער. ראָסמער'ס בעציהונגען צו רעבעקאַ'ן, וואָס זיינען געשטאַנען פריהער אויסער יעדער קריטיק, ווערען איצט פערדעכטיגט. און פערדאַכט איז געווען אויך איבסען אַליין אַ צייט, נאָך דעם ווי ער האָט אין זיינע „געשפענסטער" זיך ארויסגעוויזען אַלס ראַדיקאַל.

מיט אַ יאָהר צוריק, איידער איבסען האָט פערעפענטליכט זיין „ראָסמערסהאָלם", איז איבסען געווען צו גאַסט אין נאָרוועגיען נאָך עלף יאָהר אָבוועזענהייט. אין נאָרוועגיען איז ער אָבגעווען

אַ פּאָר וואָכען. אַן אינטערעסאַנטע רעדע האָט ער געהאַלטען אין טראָנדהיים, ווען דער אַרבייטער־פעראיין האָט לכבוד איהם אָרגאַניזירט אַ פאַקעלצוג. איבסען האָט געזאָגט, אַז „ער האָט אומעטום בעגעגענט אַ גרויסען פּראָגרעס אין אַלע הינזיכטען“, אָבער ער האָט אויך איבערגעלעבט פיעל ענטוישונגען, ווייל „די נויטיגסטע אינדיווידועלע רעכטע“ זיינען געווען פיעל וועניגער גאַראַנטירט, ווי אַמאָל; דער איינצעלנער האָט ניט קיין פרייהייט פון וואָרט, און ניט קיין פרייהייט פון גלויבען; אַלע דאַרפען ווירקען אין בעשטימטע גרענעצען. וועגען דעם האָט ער געזאָגט אין זיין רעדע: „פיעלעס מוז געטהון ווערען, איידער מען וועט קענען זאָגען, אַז מיר האָבען דערגרייכט די אמת'ע פרייהייט. אָבער איך האָב מורא, אַז אונזער איצטיגע דעמאָקראַטיע וועט ניט קענען לעזען אַזעלכע אויפגאַבען. עס איז נויטיג, אַז דער אַדעל זאָל נעמען אַנטייל אין אונזער שטאַאַטסלעבען, אין אונזערע פּאַרלאַמענטען און פּרעסע. עס פערשטעהט זיך, אַז איך רעד ניט פון'ם יחוס־אַדעל אָדער געלד־אַדעל אָדער אַפילו דעם אַדעל פון טאַלענטען, קענטנישען און פעהיגקייטען. איך האָב אין זין דעם אַדעל פון כאַראַקטער, דעם אַדעל פון ווילען און גייסט“.

אין „ראָסמערסהאָלם“ דריקט זיך אויס אַ פרישער, אַ נייער, אַ דערהויבענער קוק פון'ם דיכטער אויף די פּאַרטיי־בעציהונגען אין נאָרוועגיען; אויך אין דער דראַמאַ קלאָגט זיך דער דיכטער, וואָס דאָס פּאָליטישע לעבען אין נאָרוועגיען האָט ניט אין זיך עפּעס אַדליגעס. איבער די צוויי פּערטרעפליך געצייכענטע געשטאַלטען, קראָל און מאָרטענסהאָרד, וואָס פּערקערפּערען די פאַנאַטישע רעאַקציאָן און די פלעבעאישע פּאָלקס־פּאַרטיי, דערהויבט זיך די עלעגאַנטע, אָבער עטוואָס בלאַסע פיזיאָנאָמיע פון ראָסמער'ן מיט זיין עדלען, אָבער שוואַכען כאַראַקטער, וועלכען עס פעהלען די אַלע טאַלענטען, וואָס אַ פּאָלקס־פיהרער דאַרף האָבען; דעריבער איז ער פּעראיינזאַמט, אַ פּערשלאָסענער אין זיך, אַן אָנגעהויכטער פון דער שטילער איידעלקייט, אין וועלכער עס ליגט איבסען'ס צויבערקראַפט. דער אומגליק איז, וואָס ראָסמער גיט איבער זיין עדעל־

קייט נור דער פרוי, וואָס האָט איהם ליעב, אָבער ניט די מאַסען, וואָס האָבען זיך אַזוי שטאַרק גענויטיגט אין איהם.

די דאָזיגע פרוי, רעבעקאַ, איז די וויכטיגסטע פיגור פון דער דראמע. דאָס איז איינע פון די גראַנדיעזעסטע פרויען־געשטאַלטען, וואָס איבסען האָט בעשאַפען. קיינמאָל איז ער ניט געוועזען אַזוי ערהאבען־רוהיג, אַזוי מענשליך־זיכער אין זיך, ווי ווען ער האָט ערקלערט, געמאָלט און געמשפּט דאָס דאָזיגע פרויענבעשעפעניש. ביז איצט האָט איבסען ליעב געהאַט צו בעווייזען, אַז פאַלש איז אַלץ, וואָס איז גערעכענט געוואָרען ביז איצט פאַר עכט און אַלעס בעסטע וואַקעלט זיך. איצט איבערווינדעט ער זיין פריהערדיגען אונצוטרוי, גלויבט, אַז דאָס מיידעל מיט אַ בעפלעקטער עהרע קען געלייטערט ווערען און ענטדעקט גוטע אייגענשאַפטען, אונשולדיגקייט און אפילו גרויסקייט אין די פערברעכערין, ליגנערין און מערדערין. דאָס אַלץ ווערט בעוויזען אַזוי איבערצייגענד, אַז אפילו יענער, וואָס האָט קיינמאָל ניט בעגעגענט אַזאַ רעוועקע, — און זי איז אַן אויסנאַהם צווישען נאָרוועגיער פרויען, — וועט קיין מינוט ניט צווייפלען אין דער מעגליכקייט פון אַזאַ טיפּ. דאָס איז גיכער אַן אַלמענשליכער, ווי אַ ריין נאָרוועגישער טיפּ; אין איינעגע הינזיכטען איז זי עהנליך גיכער צו אַ רוסישער פרוי.

דערמאָנט זיך ווי קינסטלעריש איבסען בענוצט זיך צום סוף דראמאַ מיט דער פאַנטאַסטישער געשטאַלט פון אולריך ברענדעל, כדי צו פערשטאַרקען דעם עפעקט. רעבעקאַ איז אַ פערקערפּערונג פון איהר היימישען נאָרד־לאַנד, וואו אַ דויערענדע פינסטערניש ווערט פלוצלונג איבערגעריסען פון ליכטיגע טעג אָהן נעכט, אַ לאַנד פון ענערגישע, אימפּעטיגע ניט איינגעצאַמטע טעמפּעראַמענטען. אַלע איהרע פערגלייכען, אין וועלכע זי מאָלט איהר אייגענע נאַטור, זיינען גענומען פון׳ם שטורמישען נאַטור־לעבען, וואָס האָט איהר אַרומגערינגעלט אין איהר פריהער יוגענד. איהר לייַדענשאַפט צו ראָסמער׳ן, צום ביישפּיל, פערגלייכט זי מיט׳ן שטורם אין נאָרדלאַנד אין ווינטער־צייט: עס איז ניטאָ קיין שום מעגליכקייט צו שטעלען זיך אַנטקעגען איהר.

די העלדין פון איבסען׳ס „די פרוי פון ים" איז עהנליך צום ים אין די מערב־ברעגען פון נאָרוועגיען, וואָס איז שטענדיג אונ־רוהיג, אונבעשטענדיג און בייט זיינע פארבען. אויף יענע ברעגען איז זי טאַקי אויסגעוואקסען. זי בענקט שטענדיג נאָך׳ן ים און איז אזוי רעטזעלהאפט, ווי דער ים. אן ענג פערבונדענע מיט דער נאטור, א נערוועזע ביז צו קרענקליכקייט, א כמעט פערהיפנאָטי־זירטע, אויף׳ן ראנד פון משוגעת, שטרעבט זי אונבעוואוסטזיניג אין דער הויך צו פרייהייט און פעראנטוואָרטונג.

„די פרוי פון ים" איז סימוואָליסטיש, ווי „בראנד" און „פיער גינט". איצט איז שוין איבסען ניט מעהר דער אלטער קעמפפער; פון דעם דאָזיגען געדאנק ווערט טרויעריג אויף׳ן הארצען. די פיע־סע איז א פסיכאָלאָגיש־פאנטאסטישער עקספערימענט; אלעס קומט פאָר ניט אין מיטען העלען טאָג־ליכט, נאָר אין א רעמ־בראנדט־בעלייכטעטער סביבה. אין דער פינסטערניש בעווייזט זיך אן אויסלענדער, א מיסטישע געשטאלט, וואָס פערקערפערט אין זיך דאָס אונבעשטימטע ציל, צו וועלכען די פרוי שטרעבט, פול שרעק און בענקעניש. דער גאסט ווייזט א פאָר מינוט און פער־שווינדט. די פרוי איז אָבער אונטער זיין צויבער; ער האָט א געהיימניספולע ווירקונג אויף איהר. דער צויבער פערגעהט אָבער, ווי נור איהר מאַן וואנגעל גיט איהם א מעגליכקייט צו בעשטימען איהר שיקזאל און געהן אויף איהר אייגענער פעראנטוואָרטונג אין איהר אייגען וועג.

עס וואָלט געווען קליינליך אָנצואווייזען אויף די אונוואַרשיינ־ליכקייטען אין דער „פרוי פון ים"; אויב מיר ווילען פערשטעהן דעם דיכטער, מוזען מיר פערמאכען דעם אויג אויף זיי. א שלעכ־טען איינדרוק מאכען אויף אונז די פאָרמולען, וואָס שפרינגען ארויס צום סוף פון דער דראמא און פערענטפערען עפעס כלומרשט, ניט פערענטפערענדיג גאָרנישט. מיר הערען אזעלכע ווערטער, ווי פער־זענליכע פעראנטוואָרטונג, פרייהייט, אָבער מיר גלויבען ניט, אז אזעלכע ווערטער קענען בערוהיגען א פרוי, וואָס שטרעבט מיט׳ן גאנצען הארץ צו אַ נייעס, העכערען לעבען.

מייסטערהאפט געשילדערט זיינען וואנגעל'ס צוויי יונגע טעכ־טער. הילדא איז אן עקספאנסיוו, בייז מיידעל — א קינד, וואס דורשט נאך ליעבע; שפעטער וועט זי ווידער ערשיינען אלס די געהיימניספול הילדא פון'ם „בוימייסטר סאלנעס"; באלעטא איז א יונג מיידעל, וואס איז געצוואונגען אבצוזאגען זיך פון אלע גיל־דענע יוגענד־האפנונגען, כדי צו הייראטען דעם רעספעקטאבלען, אבער פיעל עלטערען פון איהר און ניט־געליעבטען מענשען. ריה־רענד איז, וואס די טראגעדיע אין'ם לעבען פון די עלטערען (דאס אומגליקליכע פאמיליען־לעבען פון עלידא מיט'ן עלטערען וואנגעל) ווידערהאלט זיך אין דעם לעבען פון זייערע קינדער. עס וויקעלט זיך פאנאנדער עפעס ווי א אונענדליכער קאראוואן פון אומגליקליכע גענעראציאנען, וואס האבען געהאט נור ענטוישונגען אין לעבען.

„העדא גאבלער" איז א רעאליסטישע דראמא. זי איז ניט קיין פאנטאסטישע געשטאלט — די העלדין פון דער דראמא. דער דיכטער אנאליזירט גענוי די פסיכאלאגיע פון דער יונגער פרוי — העדא גאבלער, — וועלכע איז בעגאבט פון נאטור, נור וועניג ענט־וויקעלט, פייג און דאך שטארק, עקזאלטירט און דערביי קאנווענ־ציאנעל, אמביציעז און בייז, שטרעבט צום העכערען און זינקט אין זומפ פון וואולגאריטעט. העדא איז דעקאדענטיש. אן ענגלישער קריטיקער וויל האבען, אז זי איז די געוועהנליכע מיסס, מיט וועל־כער איהר בעגעגענט זיך אין דער רעספעקטאבלער געזעלשאפט אויף שריט און טריט.

„העדא גאבלער" גיט אונז א מעגליכקייט אריינצוקוקען טיפער אין'ם לעבען פון דער אזוי גערופענער געזעלשאפט, ס'ארא גלייכ־גילטיגקייט, קאלטקייט וועהט פון איהר! ווי רויה זיינען זייערע אנשויאונגען, מאנירען און אפילו רייד. זיי וויצלען זיך, אבער זיינען ניט עלעגאנט; מען שעהמט זיך ניט צו רעדען וועגען זא־כען, וואס ווערען ניט דערמאנט געוועהנליך אין א אמת־ציוויליזיר־טער געזעלשאפט. נעמט דעם געשפרעך פון די צוויי דאמען, וואס האבען זיך נור וואס בעקענט מיט א העלר און איילען זיך שוין צו דערצעהלען איהם, אז זיי האבען ניט ליעב זייערע מענער, נאך

מעהר, אז די מענער זיינען זיי צום עקעל. די נאָרוועגער געזעל־שאַפּט ווערט געשילדערט סאַרקאַסטיש פון איבסען'ען; דאָס איז א געזעלשאַפט, וואָס האָט ניט קיין אריסטאָקראַטישקייט אין זיך און קיינע טראַדיציאָנען. און וואָס איז דאָס וואונדער? די בע־דייטענדסטע מאַלער, סקולפּטאָרען, מוזיקער און דיכטער פון נאָר־וועגיען זיינען שטענדיג געווען ווייט פון זייער היימאַט, האָבען זיך ארומגעדרעהט אין אויסלאַנד. דערצו איז נאָרוועגיען'ס אויסלענ־דישע פּאָליטיק געווען א זעהר רוהיגע און אונדראַמאַטישע. איבסען דערצעהלט אונז, אז הערדא איז א טאָכטער פון א נאָרוועגיער גענע־ראַל און מיר זיינען זיכער, אז דאָס איז א קאַוואַלעריסט, וואָס האָט קיינמאָל ניט געשמעקט דעם רויך פון פּולווער. אונז אימפּאָנירען ניט זיינע פּיסטאָלעטען, וועלכע הערדא דערמאָנט מיט שטאָלץ; מיר ווייסען, אז אין בלוט זיינען זיי ניט בעפלעקט געוואָרען.

לעזענדיג „הערדא גאַבלער" פיהלען מיר, אז די נאָרוועגישע געזעלשאַפט, וואָס איז אזוי יונג, איז דאָך אָריגינעל און אייגענ־אַרטיג. מיר האָבען א געפיהל, אז זי האָט זיך בעפרייט פון'ם איינ־פלוס פון דער דענישער געזעלשאַפט און ניט שטאַרק זיך אָנגענומען מיט שוועדישע זיטען און ווערטלעך. די נאָרוועגישע געזעלשאַפט איז פריש, זי האָט זיך ענטוויקעלט אין איהר אייגענעם נאַציאָ־נאַלען גייסט. און דאָך אפילו איצט מאַכט די דאָזיגע פּרימיטיווע אייגענאַרטיגקייט, וואָס וואַרפט זיך אונז אזוי שטאַרק אין די אויגען, דעם איינדרוק פון עפּעס אונפערענדיגטען, צופעליגען, וואָס האָט זיך נאָך נישט אויסגעגאָסען אין בעשטימטע פאָרמען. „הערדא גאַבלער" פיהרט אונז אריין אין'ם לעבען פון די מיטלע קרייזען פון דער נאָרוועגישער געזעלשאַפט, וואָס האָט אמת קיין עלעגאַנץ ניט, אָבער אן אייגענאַרטיגע קולטור, וואָס האָט אין דער לעצטער גע־נעראַציאָן ארויסגערוקט גרויסע, פרישע טאַלענטען, אָבער ניט גע־קענט אנידערשטעלען זיי אין אזעלכע בעדינגונגען, וואָס זאָלען העל־פען זיי אין זייער ענטוויקלונג. איבסען בעשרייבט געוועהנליך, ווי די נאָרוועגישע געזעלשאַפט פּאַראַליזירט די ענטוויקלונג פון איהרע מיטגלידער; אין „הערדא גאַבלער" האָט ער, ווייזט אויס,

געוואָלט שילדערען, ווי אזוי א בעדרייטענדע, שטארקע פערזענליכ־קייט מוז אונבעדינגט אומקומען אין דער דאָזיגער אטמאָספערע. דאָס איז די טעכניש גלענצענדסטע פון אַלע זיינע דראמען; נאָך קיינמאָל איז ער ניט אזוי קינסטלעריש געוויסענהאפט געווען, ווי איצט.

איינגענטליך איז הערא, וואָס ווערט אנטקעגענגעשטעלט דער גוטער, איינפאכער טעע, א גוט־בעקאנטע, אלטע געשטאלט. שוין ניט איין מאָל האָט איבסען געמאָלט אזא סיטואציאָן; ארום דעם בעדייטענדען מענשען דרעהען זיך צוויי פרויען, זיין גוטער און בייזער גייסט. אין „הערא גאבלער" האָבען מיר צוויי מענער, וואָס פיהרען א קאמפף צווישען זיך: איינער איז דער אמת'ער העלד, דער צווייטער — זיין קאריקאטור. הערא איז איינע פון די לעגענ־דארישע געשטאלטען, וואָס איבסען האָט גענומען פון די אלטע זא־גען; זי איז אַן אמאזאָנקע אין דער געשטאלט פון א היינטיגער פרוי; איהר מאַן — יאָרגען טערסמאַן איז בעננגט אָדער גוינאר אין דער געשטאלט פון א היינטיגען פריוואט־דאָצענט.

הערא איז אַן אונגעוועהנליכע נאטור; זי קען זיך ניט אָבזאָ־גען פון איהר אינדיווידואליטעט, צוגעוואוינען זיך צום פערהייראַ־טען לעבען, פיהלען זיך היימיש אין דער טאָג־טעגליכקייט; אזוי ווי „די פרוי פון ים" קען זיך ניט „אקלימאטיזירען" אין דער בור־זשואזער סביבה. אין הערא שאַקירען אונז איהרע רויהע און ניד־ריגע אינסטינקטען; זי האָט קנאה, מיאוסע קנאה. נאָך זייענדיג א קליין מיידעל, האָט זי ניט געקענט פערטראָגען, וואָס איהר חבר'טע האָט געדיכטע און הערליכע האָר; זי איז אונפערשעמט, האָט א נידריגע נייגיריגקייט; נאָך אין דער יוגענד האָט זי אינ־טימע בעציהונגען מיט „א חבר" און צווינגט איהם צו דערצעהלען איהר מיאוסע אנעקדאָטען פון זיין נאכט־לעבען. הערא וויל זיין אריסטאָקראטיש און חלומט וועגען א לאקיי אין א ליוורייע. זי איז, ווי זי זאָגט אליין, א קעניגין פון באַל, וואָס האָט זיך איבערגע־טאנצט, איצט וויל זי חתונה האָבען מיט א רייכען מענשען, אבי צו לעבען א זיכערען, גוטען טאָג; איהר מאַן איז א קאָמישע פיגור;

אונז דוכט זיך, אַז ער איז אַרויסגעשפּרונגען עפּעס פון מאַזער׳ס אַ פּאַרס, אָבער זי איז אַזוי אונוויסענד און אונענטוויקעלט, אַז זי האַלט איהם פאַר אַ זעהר טאַלענטפולען מענשען.

העדאַ בעשולדיגט זיך אין פייגהייט און — מיט גוטען רעכט; זי האָט שרעק פאַר אַלץ, וואָס קען דערוועקען סקאַנדאַל. זי האָט אַזוי שטאַרק ליעב מאַכט, אַז זי טרייבט דעם אָרעמען איילערט לעווּ־באָרג צו שכרות נור דערפאַר, וואָס זי וויל דערפיהלען איהר מאַכט איבער דער זעעל פון אַן אַנדערען מענשען. אין דערזעלבער צייט איז זי אַזוי אייפערזיכטיג, אַז זי פערניכטעט דאָס ווערק, וואָס לעווּ־באָרג האָט אָנגעשריבען אונטער דעם איינדרוק פון זיין פריינדשאַפט צו אַן אַנדער פרוי, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די ווירקונג פון דער אַנדערער פרוי אויף איהם האָט זיך אויסגעדריקט נור אין דעם, וואָס יענע האָט איהם אָבגעהאַלטען פון שכרות.

העדאַ איז אַן אמת דעקאַדענטישע נאַטור. זי איז ניט אונ־שולדיג, ניט טוגענדהאַפט, זי האָט ניט קיין גרויסע טאַלענטען און האָט ניט אַפילו די פעהיגקייט אָבצוגעבען זיך איינגאַנצען גייסטיגע אָדער זינליכע איינדרוקען; זי קען זיך אַפילו אויף אַ מינוט ניט אָבזאָגען פון איהר אייגענעם איך און לעבען מיט אַן אַנדערענס לע־בען, זי איז געננוג שטאָלץ צו דערפיהלען עקעל צו איהר יאָרגען און ווערט פערציטערט פון׳ם געדאַנק, אַז זי קען האָבען אַ קינד פון איהם. אויב זי ווערט ניט בראַק׳ס מעטרעסע, איז דאָס נור דער־פאַר, וואָס זי האָט ליעב אונאָבהענגיגקייט און וויל ניט זינדיגען געגען דעם אָנגענומענעם קאָרעקטען טאָן. איז דאָס אַלץ אַזוי, טו קען אויף אונז דען מאַכען אַ איינדרוק דאָס וואָס אַזאַ בעשעפעניש האָט זיך אָבגעזאָגט פון לעבען און געהט אַוועק פון׳ם רוישענדען לעבענספעסט, ווי זי דריקט זיך אויס? און דאָך איז אַ פאַקט, אַז מיר ווערען פערטרויערט, הערענדיג וועגען איהר טויט. איבסען האָט פּעראינטערעסירט אונז מיט זיין העדאַ, ער האָט דערוועקט אין אונז עפּעס סימפּאַטישען צו איהר. זי איז נאָך אַלעמען אַ קראַפט.

אינטערעסאַנט איז, אַז העדאַ איז אַ שלעכטע. שוין אַ לאַנ־

נע צייט, ווי איבסען האָט געהאַלטען אין איין דערהויבען די פרוי אויף'ן חשבון פון'ם מאַן. העדאַ איז מענשליכער פון אנדערע מענער, זי האָט אן עקעל צום אידעאַל פון געוועהנליכער גוטסקייט, אָבער אין דערזעלבער צייט איז זי טרוקען, עגאָאיסטיש, אָהן הארץ און קען נור פערדערבען, צוברעכען, טויטען אַלץ ארום זיך און ענדליך זיך אליין.

אויסער העדאַ'ן שפּילען די וויכטיגסטע ראָלען אין דער פּיעסע דער טפּש און דער געניאַלער מענש. געניאַל איז עלערט לעוובאָרג, דער טפּש איז יאָרגען טעסמאַן. אז יאָרגען איז א נאַר, זעהט מען באַלד, שוין אין אָנהויב פון דער פּיעסע. ניט אזוי זיכער זיינען מיר, אז עלערט לעווּבארג איז געניאַל. איבסען איז א דיכטער, א גרויסער דיכטער און ס'איז ניט קיין וואונדער, וואָס ער קוקט אויף דער וויסענשאַפט אויך פון א פּאָעטישען שטאַנדפּונקט. עס איז נאַטורליך, אז א דיכטער זאָל זעהן סמנים פון געניאַליטעט שוין דערין אליין, וואָס א געלעהרטער, א טרוקענער געלעהרטער פערלאָזט דעם וועג פון עקספּערימענט און קוקט פּראָפּעטיש אין דער צוקונפט אריין. איבסען וויל אונז איבערצייגען אין די גרויסע טאַלענטען, וואָס לעוובאָרג האָט, דערמיט, וואָס ער צווינגט איהם צו שרייבען וועגען די קולטור־קרעפטען פון דער צוקונפט און דעם ענטוויקלונגס־גאַנג פון דער קולטור. אָבער אונז, פּראָזאאישע מענשען, קען זיך לייכט אויסדוכטען, אז דאָס איינציגע קלוגע, וואָס מען קען וועגען דעם ענין זאָגען, האָט דער נאַר געזאָגט: „אָבער, מיין גאָט, מיר ווייסען דאָך וועגען דעם גאָרנישט!“

אָבער גוט! מיר ווענלען צולאָזען, אז עלערט לעוובאָרג איז פעהיגער ווי אונז דוכט זיך, אז ער איז דער גרעסטער געלעהרטער און שרייבער אין דער וועלט, איינער פון יענע שרייבער, וואָס לע־נען אויף זייער שטעמפּעל אויף גאַנצע עפּאָכען. ווי קומט עס אז אזא גרויסער מענש זאָל וועלען לעזען זיין ארבייט א מענשען, וועלכער איז זיינער א קאָלעגע נור לויט'ן נאָמען נאָך און צו וועלכען ער האָט אזא טיעפע פעראַכטונג, יאָרגען טעסמאַן. ווי עמפּערט איז ער, וואָס העדאַ האָט זיך ערנידריגט, פערבינדענדיג זיך מיט אזא ניד־

ריג בעשעפעניש, ווי יאָרגען. און דעמוּעלבען יאָרגען'ען ברענגט ער צוטראָגען זיין ארבייט, זיין טייערסטע, בעסטע ארבייט, כדי צו הערען זיין מיינונג; נאָך מעהר — לעוובאָרג איז אזוי שטארק פעראינטערעסירט צו פערנעמען ליבגעזאנגען פון'ם טפש יאָרגען'ס מויל, אז ער שלעפּט זיין מאנוסקריפט אויף'ן פּעסטאבענד צווישען שכור'ע, האָפענדיג כאפּען דאָרט יאָרגען'ען און טיילען זיך מיט זיינע טיפסטע געדאנקען מיט א מענשען, צו וועלכען ער האָט אזא טיפע פעראכטונג.

עס איז פערשטענדליך, פאר וואָס ער האָט געדראהפט נעמען מיט זיך דעם מאנוסקריפט; ווען ער וואָלט איהם ניט געבראכט מיט זיך, וואָלט ער דאָך ניט פערלאָרען איהם און הערדא וואָלט ניט געהאט קיין מעגליכקייט צו פערברענען זיין ווערק. אָבער דאָך איז דאָס, וואָס לעוובאָרג וויל, אז יאָרגען זאָל זיין ענטציקט פון איהם, אזוי עקעלהאפט, ווי דאָס, וואָס ער האָט זיך געוואָרפען אמאָל אויף הערדא'ן אָדער איז איבערצייגט, אז ער איז א פערפאלענער מענש, זוי נור ער וועט א לעק טהון איין־איינציגען גלעזעל קאלטען פונש. איהר זייט ניט קיין דזשענטלמען, הערר לעוובאָרג!

דער אָרימער מענש! נאָך האָט ער ניט אָבגעגעבען גאָט זיין נשמה, ווי די שטראָף טרעפט איהם, דער פון איהם פעראכטעטער קאָלעגע פערכאפּט די רעשט פון זיין מאנוסקריפט, און נעמט צו בירושה אויף די רעשט פון זיין פריינדין.

אין דער דראמא איז פאראן א וועלט מיט קליינינקע אונוואהר־שיינליכקייטען, עס איז אונגלויבליך, אז פרוי עלווסטעד זאָל ארומ־טראָגען אין די טאשען פון איהרע קליידער בלעטלעך פון לעוובאָרג'ס גרויסען ווערק און זי זאָל זיך זעצען מיט טעסמאן'ען ברענגען זיי אין אָרדנונג, אין דרוזעלבער צייט, ווען איהר געליעבטען'ס קער־פּער ליגט פאר איהרע אויגען. אָבער אז איהר האָט צו טהון מיט אזא גרויסען דיכטער, ווי איבסען, דאַרפט איהר זיך זעהר היטען צו זאָגען, אז דאָס און יענעס אין זיינע ווערק איז אונמעגליך אָדער אונגלויבליך. ווען „הערדא גאבלער" איז ערשינען, האָט מען גע־טענה'ט, אז ס'איז אבסאָלוט אונמעגליך, אז א מענש, ווי לעוובאָרג,

זאָל פערלירען זיין מאַנוסקריפּט און העדאַ זאָל איהם פערברענען; האָט זיך טאַקי אָבער ביי אונז אין סקאַנדינאַוויען געטראָפען א פאַל, אַז די פרוי פון א בעריהמטען קאָמפּאָזיטאָר האָט פון כעס און איי-פערזוכט פערברענט א סימפאָניע, וואָס איהר מאַן האָט נור וואָס פערענדיגט; געטראָפען האָט זיך אויך, אַז א בעלעטריסט האָט א שכור'ער פערלאָרען דעם מאַנוסקריפּט פון זיין ראָמאַן. ביידע, אי דער קאָמפּאָזיטאָר, אי דער בעלעטריסט, זיינען פון אונזערע בעדיי-טענדסטע קינסטלער. בכלל קען מען אַלץ גלויבען אויף א מאַן א שכור'ען און א פרוי, וואָס איז אייפערזיכטיג.

איבסען איז א גרויסער קענער פון דער מענשען-נאַטור. ער פערשטעהט אַזוי גוט מענשען, אַז ער קען אינסטינקטיוו אָנשטוי-סען זיך אויף זאַכען, וואָס ער פערזענליך האָט זיי קיינמאָל ניט איבערגעלעבט אָדער ניט געזעהן מיט אייגענע אויגען. נאָך וועני-גער קען מען אויסזעצען געגען איבסען'ס סטיל און טעכניק. ער איז א וואונדערבאַרער טעכניקער סיי אין „העדאַ גאַבלער", סיי אין די פריהערדיגע דראַמען.

III

מיט צוויי יאָהר שפּעטער נאָך דער רעאַליסטישער דראַמאַ „העדאַ גאַבלער" איז אין'ם יאָהר 1892 ערשינען דאָס טיף-סימ-וואָליסטישע ווערק „בוימייסטער סאָלנעס". לעזט איהר דורך „סאָלנעס'ן", בלייבט נאָך לאַנג דער איינדרוק פון דער פּיעסע. האָט איהר זי איינמאָל געלעזען, ווילט זיך אייך ווידער און ווידער אמאָל דורכלעזען זי — און יעדעס מאָל ווערט איהר אַלץ מעהר פון איהר ענטציקט. דער ערשטער איינדרוק, וועלכען איהר האָט, איז דער, אַז דער אוטאָר איז א גרויסער קינסטלער און טיף, בעדייטענד זיי-נען די געשטאַלטען, וועלכע ער האָט ארויסגעצויבערט. דער איינ-דרוק איז א טיפער: איהר וויינט ניט, איהר זייט ניט סענטימענ-טאַל געריהרט, אָבער איהר הויבט אָן צו טראַכטען, אריינטראַכטען זיך און איבערלעבען דעם איינדרוק. "סאָלנעס" דערהויבט אייך ערגעץ ווייט-ווייט, פערכשופט און פערצויבערט אייך.

„סאָלנעס" גיט אונז איבער אין אַ האלב־אַלעגאָרישער פאָרם די לעבענסגעשיכטע פון לעבעדיגע מענשען; דאָס איז די טראַגע־דיע פון אַ בעדייטענדען קינסטלער, וואָס פיהלט, אַז ער ווערט אַלט. סאָלנעס איז ניט אַ געניאַלער מענש; מעגליך, אַז איבסען האַלט איהם פאַר אַ געניאַלען מענשען, אָבער אונז איבערצייגט ער ניט. סאָלנעס האָט אין זיך יענע געניאַליטעט, וואָס בעצויבערט פרויען, און פערשידענע פעהלערען, אָהן וועלכע מיר קענען זיך ניט פאָר־שטעלען געניאַלע מענשען פון אַ געוויסען טיפּ. צי האָבען סאָל־נעס'עס ארבייטען אַזאַ גרויסע בעדייטונג — ווייסען מיר ניט; מיר מוזען גלויבען איבסען'ען אויף'ן וואָרט. עס איז מעגליך, אַז איינער פון די גרויסע פעהלערען פון דער דראַמאַ איז דאָס, וואָס דער מאָראַליש־שוואַכער סאָלנעס האָט ניט אין זיך דעם ריין־קינסט־לערישען אינסטינקט, יענעם אינטעלעקטועלען ענטוזיאַזם, וואָס וואָלט געקענט אויסקויפען זיינע מאָראַלישע שוואַכקייטען. איב־סען'ס סאָלנעס האָט געמעגט זיין דער שאַפער פון אַ נייעם סטיל אין אַרכיטעקטור, אָבער דאָס איינציג טיפּע, וואָס ער זאָגט וועגען זיין קונסט, זיינען די ווערטער, אַז ער קען בויען הייזער נור פאַר מענשען, וועלכע זיינען איהם פערזענליך בעקאַנט. אויב מיר גלוי־בען, אַז סאָלנעס איז אַ בעדייטענדער מענש, איז דאָס ניט דערפאַר, וואָס מיר זעהען פאַר זיך אַן אונגעוועהנליכען מענש, נור דערפאַר, וואָס דער דיכטער זאָגט אונז אַז ס'איז אַזוי און מיר ווילען איהם, דעם דיכטער, גלויבען.

דער גרעסטער פעהלער סאָלנעס'עס איז זיין אַכזריות, און אויף זיין שרעק פאַר די איינגערע, נייערע קרעפטען. ער טרעט מיט די פיס זיינע לעהרער און האָט מורא פאַר זיינע תלמידים. ער איז אַ קינסטלער מיט אַ שטאַרק ענטוויקעלטען קינסטלערישען עגאָאיזם, אָהן וועלכען די נאַטירליכע פעהיגקייטען קענען זיך ניט ענטוויקלען. זיינע בעציהונגען צום אַלטען, אומגליקליכען בראָוויק דערמאָנען אונז אָן די בעציהונגען פון'ם סוחר ווערלע צום אַלטען עקזאַל („ווילדע ענטע"). ווערלע האָט ערנידריגט עקזאַל'ען, געמאַכט אַ תל פון זיין לעבען און דערנאָך אַ דערשלאָגענעם גענומען אַלס

אָנגעשטעלטען צו זיך אין ביורא. סאָלנעס'עס בעציהונגען צום יונגען ראגנאר זיינען ענליך צו טאָרוואלדסען'ס בעציהונגען צו פרוינד. פרוינד איז געווען א שטענדיג אָפּפער פון טאָרוואלדסען'ס קאפּריזען און ברוטאליטעטען; ער האָט טרעטירט דעם אינגערען מיט יענער אכזריות, וועלכע א העכערע קינסטלערנאטור ערלויבט זיך אנטקעגען א נידריגער. טאָרוואלדסען האָט סיסטעמאטיש געפּייניגט זיין מיטארבייטער; ער האָט איהם ניט געגעבען אפילו אזעלכע ארבייטען, וועלכע ער האָט ניט געהאט קיין צייט צו מאכען, האָט צוגענומען ביי איהם ליכט און לופט און, אָנטהוענדינג אויף זיך די מאסקע פון פּאָטערליכער פריינדשאפט, פערוואנדעלט זיין לעבען אין א מארטיראָלאָג. אָבער טאָרוואלדסען איז ניט אזוי פיעל שולדיג, ווי סאָלנעס, ווייל ער האָט געפאָדערט אָפּפער מיט'ן רעכט פון א גערעכטערען און שטארקערען. ענליך זיינען די בעציהונגען פון דער יונגער, פאנטאסטישער מיידעל צו סאָלנעס'ען, וואָס פערגעטערט סאָלנעס'ן און צווייפעלט ניט אין איהר רעכט אויף איהם. סאָלנעס האָט אָבער א געפיהל, אז ראגנאר איז טאלענטפולער פון איהם; דעריבער קענען מיר איהם ניט פערצייהען זיין קליינליכקייט, בייזקייט און אכזריות'דיגקייט. אין סאָלנעס'ען איז פארהאן עפּעס ספּאָנטאנעס, ניט־איינגעצאמטעס און אין דערזעלבער צייט איז ער פייג, וואולגאר. ער וויל זיין גרויס, אָבער ער איז ניט גרויס.

ביז צו קרענקליכקייט דערגעהט סאָלנעס'עס ליעבע צו זעלבסטקריטיק; דאָס איז כמעט א קראנקהייט. זי איז אין א געגענזאץ צו דער אכזריות'דיגקייט פון זיין נאטור און דאָך פערבונדען מיט איהר. ער איז צו שטרענג צו זיך, ער האָט ניט קיין אונשולד און זעהט אין זיינע אונשולדיגע עגאָאיסטישע פערלאנגען, אין זיינע אונבעשטימטע האָפנונגען עפּעס פערברעכערישעס, מיאוסעס. ער האָט שווער געקעמפּפט, ביז ער האָט זיך דורכגעשלאָגען א וועג אין דער קינסטלערישער וועלט; ער האָט געזיגט, אָבער ער קען ניט פערגעסען אָן די אָפּפער פון זיין קאריערע, זיי פּייניגען איהם און לאָזען איהם ניט צורוה. ער קען אויך ניט פערגעבען זיך, וואָס ער

איז ניט־ווילענדיג געווען שלעכט צו זיין ווייב. אלע רעכענען, אז ער איז א גליקליכער — האָט ער דאָך געמאַכט זיך אַזוי שנעל א גרויסען נאָמען, אָבער ער אליין האָט געוויסענסביסען: ער קען ניט פערגעסען, ווי טייער האָבען אנדערע בעצאָהלט פאר זיין כלומר'שטיג גליק און ווי שווער איהם אליין איז פון זיין גליק. אויב ער איז געוואָרען בעריהמט אזוי שנעל (און אזוי אונפערשטענדליך), פערדאַנקט ער דאָס א שרפה, וואָס האָט פערניכטעט דאָס הויז פון זיין פרוי'ס עלטערען. נור דעמאָלט האָט ער פערשטאַנען ווי צו בויען הייזער פאר מענשען. אז דער געניאַלער מענש איז זעלטען גליקליך אין זיין פאמיליען־לעבען, פיהלט סאָלנעס גאַנץ שטאַרק. קלאָר הערט זיך דאָס אין אזעלכע ווערטער:

„כדי צו האָבען א מעגליכקייט צו בויען הייזער פאר אנדערע, האָב איך זיך געמוזט אָבזאָגען אויף שטענדיג פון דער האָפנונג צו בעשאַפען זיך אַן אייגען הויז".

און שפּעטער דריקט ער אויס דעמזעלבען געדאַנק אזוי:

„אלעס, וואָס איך האָב דערגרייכט, ווען איך האָב געאַרבייט, געבויט, געשאַפען, די רוהיגקייט, די שעהנהייט, דעם קאָמפאָרט, דאָס ערהאָבענע... דאָס אלץ האָט מיר טייער געקאָסט. איך האָב געצאָהלט פאר אלעס. ניט מיט געלד, ניין. נור מיט מענשליכען גליק, און ניט נור מיט'ן אייגענעם גליק, נור מיט'ן גליק פון אנדערע... דאָס איז געווען דער פּרייז פון מיין קינסטלער־בעריהמטהייט".

און טאַקי דערפאר, וואס ער האָט אזוי טייער בעצאָהלט פאר'ן אָרט, וואָס ער האָט אין לעבען, האָט ער א רעכט אויף זיין אָרט. סאָלנעס'ען דוכט זיך, אז ער איינער האָט א רעכט צו בויען און מעג טרעטען מיט פיס אלע נעגנער זיינע. כדי צו האָבען ערפאָלג, איז סאָלנעס'ען ניט אויסגעקומען צו אָנשטרענגען נור זיינע פערזענליכע קרעפטען. די אומשטענדען — זיינע העלפער און דיענער — האָבען איהם טריי געדיענט, ער האָט די אינערע קראַפט, וואָס זעלטענע מענשען האָבען, יענע וואונדערבאַרע קראַפט, וועלכע קעניג האָקאָן האָט, נעמליך צוציהען צו זיך די העלפער און

די הילף, אין וועלכער זיי נויטיגען זיך. אָבער וואס קרענקליכער דאָס גייסטיגע לעבען סאָלנעס'עס ווערט, אלץ מעהר הויבט ער אָן צו גלויבען, אז ער דארף נור עפּעס פערלאנגען, און זיינע פערלאנ־גען וועלען באלד מקוים ווערען; ער איז איבערצייגט, אז ער קען פערהיפּנאָטיזירען פרויען, ניט היפּנאָטיזירענדיג זיי, נור צווינגענ־דיג זיי צו טראכטען און פיהלען דאָס, וואָס ער טראכט און פיהלט. מיט דער דאָזיגער וואונדערבארער קראפט זיינער האָט ער צוגעצ־צויגען צו זיך קאיא'ן, און זי העלפט איהם צו האלטען אין זיין האנד דעם פיעל־פערשפּרעכענדען ראגנאר'ן, וועלכער איז פער־ליבט אין איהר. איבסען דערצעהלט ניט, צי איז ניט געשעהן עפּעס עהנליכעס מיט דער העלדין פון דער פּיעסע: אפשר האָט סאָלנעס גאָר ניט געגעבען איהר דעם פּאטאלען קוש אין דער יו־גענד, אפשר דוכט זיך דאָס איהר נור אויס. שטענדיג טראכטענדיג וועגען די דאָזיגע געהיימניספולע קרעפטען, דערגעהט סאָלנעס דער־צו, אז ער האָט א קראנקהאפטען שרעק, מען זאָל איהם ניט בע־טראכטען פאר א משוגע'נעם און אין דעם דאָזיגען שרעק איז פאר־האן שוין אן עלעמענט פון אמת'ער משוגעת, וואָס געהט, ענד־ליך, איבער אין עקזאלטאציאָן.

סאָלנעס, וואס האָט איצט קיין שום גרויסקייט ניט אין זיך, איז אמאָל, גאָר לאנג צוריק, ערשינען אין'ם ליכט פון גרויסקייט פאר א קליין מיידעל. הילדא, א צוועלף־יעהריג קינד, האָט גע־זעהן סאָלנעס'ען אין דער הויך, אויף דעם שפּיץ פון'ם גלאָקענ־טורעם; שטאָלץ און פריי איז ער געשטאנען אויף דער הויך. ער איז אראָבגעגאנגען און דערזעהן זי, ארומגעלעגט א קראנץ אויף איהר שעהנער קאָפּ. צעהן יאָהר זיינען שוין פערגאנגען; הילדא האָט סאָלנעס'ען ניט געזעהן די גאנצע צייט, אָבער זי האָט איהם ניט פערגעסען, זי האָט געלעבט אין דער וועלט פון ערינערונגען, איהר ציהט צו איהם און זי קען ניט ווידערשטעהן דער קראפט, וואָס טרייבט איהר צו סאָלנעס'ען. זי מוז איהם זעהן, זי וויל פאָ־דערען פון איהם דאָס קעניגרייך, וואָס ער האָט איהר צוגעזאָגט צעהן יאָהר צוריק, אויף'ן אָבענד, וואָס מען האָט איינגעאָרדענט

איהם צו עהרע. זי קלאַפּט צו סאָלנעס'ען אין טיר גראָד דע־מאָלט, ווען ער זיצט אַ דערשלאָגענער, אין איין שרעק, אַז באַלד וועט קומען די יוגענד און איהם פערשטויסען, — זי קלאַפּט, געהט אריין — אַ פּערקערפּערונג פון דער יוגענד, וואָס גלויבט איהם און איז ענטציקט פון איהם. דערין איז זי עהנליך צו איהר שטיפ־מוטער עלידא, וועלכע האָט צעהן יאָהר ערוואַרטעט דעם מענשען פון'ם פרעמדען לאַנד. ווי דער דאָזיגער וואונדערבארער גאַסט, רע־כענט זי זיך גאָר נישט דערמיט, וואָס סאָלנעס איז שוין פערהייראַ־טעט. מיר קענען הילדאַ'ן נאָך פון „דער פרוי פון ים", וואו זי איז געשילדערט געוואָרען מיט אַ נייגונג צו שטאַרקע גייסטיגע איבערלעבונגען, מיט אַ חשק צום אינטערעסאַנטען, צום אונגע־וועהנליכען, וואָס גיט דיר דאָס בעוואוסטזיין, אַז דו לעבסט אויף אַן אמת. אין „סאָלנעס" איז הילדאַ אַ בעגייסטערט מיידעל, וואָס פערטיידיגט ליידענשאַפטליך איהר גלויבען אין'ם גרויסען בוימייס־טער און וויל איהם זעהן אויף דער הויך פון זיין בערוף, איי־נער אליין, אַ בעפרייטען, אין דער הויך. דאָס ווערט סימוואָלי־זירט אין דער פאָדערונג, אַז ער זאָל ווידער ארויפשטייגען אויפ'ן שפּיץ טורם און בעקרענצען זיין הילדאַ'ן.

אָבער עס זיינען פערגאַנגען צעהן יאָהר, זייט זיי האָבען זיך געזעהן: סאָלנעס האָט זיך איבערגעביטען, עס ציטערט דער באָ־דען אונטער זיינע פיס, עס שווינדעלט דער קאָפּ איהם, ער איז אונזיכער, דערשראָקען. הילדאַ וויל אָבער ניט הערען, אַז עמיצער זאָל האָבען אַ רעכט צו זאָגען, אַז איהר ארכיטעקט „וואַגט ניט — קען ניט אזוי הויך שטייגען, שטייגען אויף דער הויך, וואָס ער בויט אויף". די דאָזיגע רעפּליק איז די וויכטיגסטע אין דער פּיעסע. כדי צו פערשטעהן איהר, וועלען מיר נעהמען אַן אַנ־דערע אָבשאַצונג פון גייסט, נעמליך אזא איינע, ווי צ. ב. איך וויל ניט, אַז עמיצער זאָל האָבען אַ רעכט צו זאָגען, אַז דער דיכ־טער קען זיך אין לעבען ניט דערהויבען צו יענע אידעאַלען, וועל־כע ער שילדערט אין זיינע ווערק. אויב הילדאַ וואָלט אזוי גע־רעדט, וואָלט די גאַנצע פּיעסע געהאַט אַן אַנדער כאַראַקטער, אַ

מאָטיווירונג, א ערדישערען, אָבער דערפאר איז איצט די פיעסע פאָ־
עטישער, זי איז וועניגער קלאָר, דאָפּעלטזיניג, אָבער מעהר פער־
חלומ׳ט, מעהר בעצויבערענד. וואָס פאר א גרויסער קינסטלער
איז איבסען, אז ער האָט אונז געקענט צווינגען צו גלויבען אין׳ם
סימוואָל מיט אזא קראפט, אז מיר זאָלען אין׳ם סימוואָל זעהן עפּעס
רעעלעס. כדי צו האלטען אונז אין דער סימוואָלישער אטמאָספער
פון דער דראמא, האָט איבסען מיט א וואונדערבארען טאלענט
פערשטאָפּט אלע טירען און לעכער, אז קיין איין ווינטעל פון גע־
זונדען מענשענפערשטאנד און געוועהנליכען לעבען זאָל ניט אריינ־
רייסען זיך אין דעם סימבאָלישען געבוי; ווען דאָס זאָל מעגליך
זיין, וואָלט מיט אמאָל דער צויבער פערשוואונדען. זאָל נור איינער
פון די פערזאָנען בעמערקען, אז דאָס איז גאָרניט קיין סמן פון
א גרויסען מענשען, צי קען ער רוהיג ארויפשטייגען אויפ׳ן שפּיץ
פון טורעם צי ניט — און די שטימונג און סימוואָליק פון׳ם ווערק
וואָלטען צושאָטען געוואָרען. אָבער דער אוטאָר איז פאָרזיכטיג,
און איהר זייט די גאנצע צייט אין זיין וועלט, ניט האָבענדיג קיין
מוט צו פרעגען קשיות אָדער קומען צו זיך.

הילדא וויל דערהויבען סאָלנעס׳ען איבער די נידריגע געדאנקען
און אינטערעסען, אין וועלכע ער איז פערזונקען, איידער ער פּרואווט
פיזיש אויפהויבען זיך, שטעלען א פוס אויף דער ווייטער הויך.
דעריבער דערשרעקט זי זיך, הערענדיג, ווי מיאוס ער איז זיך בע־
נאנגען מיט ראגנאר׳ן. זיינע ווערטער מאכען אויף איהר א שווע־
רען איינדרוק. זי זאָגט: „איהר ווילט ביי מיר צונעמען דאָס
לעבען, צונעמען דאָס, וואָס מיר איז טייערער פון לעבען?“ אָבער
וואָס איז טייערער ביי איהר פון איהר לעבען? „זעהן אייך אין
אייער אמת׳ער גרויס, — ענטפערט זי. — זעהן אייך מיט׳ן קראַנץ
אין האנד, הויך, הויך, אויף דעם קירכענטורם“.

דאָס זיינען ניט נור רייד; הילדא וועט זיך ניט בערוהיגען,
ביז זי וועט ניט דערזעהן איהר סאָלנעס׳ען, דעם אמאָליגען. זי
ניט איהם א בליישטיפט און הייסט איהם שרייבען ווארימע ווער־
טער ראגנאר׳ן, וועלכען ער האָט אזוי לאנג געפּייניגט. סאָלנעס

אליין איז ניט פעהיג צו אזא גרויסמוטיגקייט, אָבער הילדא איז יענע קראפט, וואס דערהויבט איהם איבער׳ן זומפּ פון טאָג־טעג־ליכע קליינינגקייטען.

הילדא ווערט אַלץ נאָהענטער מיט סאָלנעס׳ען, ער קען פון איהר ניט אָברייסען זיך און ווי זאָל ער זיך בעגעגנען מיט איהר, מיט איהר, וועלכע ער האָט געזעהן ביז איצט נור אין חלום, אויב ניט אין די אָרעמס פון טויט? דער טויט פעראייניגט די צוויי זעעלען.

אין אָנהויב פון זיין בוימייסטער־קאריערע האָט סאָלנעס גע־בויט קירכען: ער שטאַמט פון א פרומער, פּויערישע פאמיליע און האָט ניט פאָרגעשטעלט זיך, וואָס קען זיין העכער פון א קירכע. האָבענדיג פערלאָרען זיינע קינדער, האָט סאָלנעס פּלוצלונג פער־שטאַנען, אז ער דאַרף איצט בויען הייזער, ווארימע, גוטע הייזער, פאר די מענשען. ענדליך איז געקומען יענער מאָמענט אין זיין לע־בען, ווען איהם האָט זיך אויסגעדוכט, אז

„עס לוינט זיך ניט צו בויען הייזער פאר מענשען; מענשען דארפען ניט קיין הייזער, כדי צו זיין גליקליך.“ ער אליין דאַרף קיין הויז ניט. איצט גלויבט ער נישט אין דער מעגליכקייט פון גליק אויף דער ערד און אין די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען וויל ער נעמען זיך בויען דאָס איינציגע, וואָס קען בעגרינדען דאָס מענשליכע גליק — יענער לופט־שלאָס, וועלכען הילדא מאָנט ביי איהם.

— איך האָב מורא, אז אייך וועט זיך פערדרעהען דער קאָפּ, נאָך איידער איהר וועט דערגעהן צום מיט־וועג.

— קיינמאָל ניט, אויב איך וועל געהן מיט אייך האַנד אין האַנד, הילדא.

„טו לאָזט מיר זעהן אייך א פרייען אין דער הויך!“

צי זיינען נויטיג פּרושים צו אזעלכע ווערטער? אלעס איז אזוי קלאָר, אז עס קען פערשטאַנען ווערען בוכשטעבליך, און ריה־רען אפילו א קינד, און אין דערזעלבער צייט האָט עס עפּעס א טיפערען, בעהאַלטענעם זין. סאָלנעס האָט געוואָלט, אז הילדא

זאָל וואוינען ביי איהם אין'ם העכסטען טורם פון זיין נייעם הויז, אָבער זי האָט זיך בעקענט מיט זיין ווייב און איהר „געזונד" גע־וויסען האָט אָנגעהויבען צו מאַטערען איהר, אַזוי ווי איהם: זי האָט בעשלאָסען, אַז זי האָט ניט קיין רעכט אויף גליק, ווייל אויפ'ן וועג צווישען איהם און איהר שטעהט אַן אַנדער פרוי, וואָס דער־וועקט אין איהר דאָס געפיהל פון רחמנות. גליקליך קענען זיי זיין ניט אויף דער ערד, נור אין די לופטשלעסער פון זייער זעעל.

סאָלנעס'עס ווייב, אַלינאַ, איז אַן איינפאַכער מענש, אַ דער־שראָקען און רעליגיעז בעשעפעניש. זי איז אייפערזיכטיג, ערפילט איהרע פליכטען און האַלט פון פליכטען. זי איז אָפט גאַנץ אונ־נאַטירליך: איבסען וויל אונז, צום ביישפיעל, איינרעדען, אַז ניט דער טויט פון איהרע קינדער האָט איהר ערשיטערט, די קינדער איז גוט אין הימעל, נור דעם שטאַרקסטען איינדרוק האָט אויף איהר געמאַכט דאָס, וואָס זי האָט פערלאָרען אַלע פּופּען פון איהר קינד־הייט, וואָס זיינען פערברענט געוואָרען אין דער צייט פון דער שריפה. איהר נאַרישקייט און אונגעלומפּערטקייט האָט איבסען פּערזאָנליך... פעראייביגט אין דער וואונדערבאַרער, קאָמישער בעמערקונג איה־רער וועגען קאַיאַ, וואָס ציטערט פון ליעבע און איבערגעבענהייט: „אַ, גאָט, ס'אַראַ אויגען זי האָט!" אַלינאַ, סאָלנעס'עס ווייב, האָט עפּעס ווי איין מיסיאָן אין דער וועלט: צו זיין אַ שטערונג, זי שטערט סאָלנעס'ען, זי שטערט הילדאַ'ן, אָבער אין אמת'ען שפּילט זי אַ קליינע ראָל אין די דראַמאַטישע בעציהונגען צווישען סאָל־נעס'ען און הילדאַ'ן. דאָס גאַנצע ליכט, וואָס איז צוגאָסען אי־בער דער פּיעסע, שטראָמט ארויס פון הילדאַ'ס געשטאַלט, הילדאַ האָט אין זיך מעהר גלאַנץ, מעהר פרישקייט, מעהר אָריגינאַליטעט, ווי וועלכע ניט איז פרויען־געשטאַלט, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען פון אַ היינטיגען דיכטער. הילדאַ איז איינע פון די פּאָעטישסטע געשטאַלטען, וואָס איבסען האָט געמאָלען. „סאָלנעס" איז איב־סען'ס בעדייטענדסטע ווערק אפשר, וואס איבערראַשט אונז מיט זיין נאַטירליכקייט און אין דערזעלבער צייט מיט זיין אוננאַטיר־ליכקייט.

זייט איבסען האָט זיך אָבגעזאָגט פון דער מאַניר און סו־זשעטען פון זיין יוגענד, הערט די קריטיק ניט אויף צו רעדען וועגען זיין נאַטוראַליסטישקייט: אַנדערע לויבען איבסען׳ען דעם נאַטוראַליסטען, אַנדערע זידלען איהם. די סימוואָליסטען פיהרען אַ הייסע מלחמה מיט די נאַטוראַליסטען, אָבער אַזעלכע עפּיטעטען האָבען קיין ווערט ניט; צו איבסען׳ען קענען זיי ניט אָנגעווענדעט ווערען. אין׳ם משך פון גאַנצע צוואַנציג יאָהר פון זיין ליטעראַרי־שער אַרבייט איז ער געווען אַ נאַטוראַליסטיש, אַ סימוואָליסטיש. זיין כאַראַקטער צווינגט איהם צו מאָלען די ווירקליכקייט און אין דער זעלבער צייט אויך דאָס מיסטישע.

טאַקי דערפאַר, וואָס אין דער טיפעניש פון זיין נאַטור און דעריבער אויך אין זיינע דראַמען זיינען בעהאַלטען אַזוי פיעל רע־טענישען און געהיימניסען, מוז איבסען ווידערהאָלען זיך, אונטער־שטרייכען, בענוצען זיך מיט פאַרבינגע, שרייענדיגע פערגלייכען; אַנדערש וואָלטען מיר איהם ניט פערשטאַנען. זיין דיכטונג איז, ווי ער אליין, טריי דער ווירקליכקייט, אָבער ער איז אויך דיכטער און דעריבער זעהט ער און מאָלט ער די ווירקליכקייט אין אַ טי־פערען ליכט און בעלייכטונג. איבסען איז סקעפּטיש, ער האָט אָבער אויך פאַנטאַזיע. פיהלסט דעם דורכדרינגענדען סקעפּטי־ציזם פון׳ם דענקער, וואָס צונעהמט אַלעס, וואָס עקזיסטירט און איז אַנערקענט, וואונדערסט זיך, ווי מוטיג זיין קריטיק איז און פרעהסט זיך, וואָס זיין פאַנטאַזיע הויבט זיך אויף אַזוי הויך און זיכער.

נאָך סאָלנעס׳ען, וואָס איז אפשר דער קולמינאַציאָנס־פּונקט פון דער ענטוויקלונג פון איבסען׳ס טאַלענט, קומט „דער קליינער עאָלף“. די דראַמאַ איז די טרויריגסטע פון אַלע דראַמען, וואָס איבסען האָט געשריבען. דער ערשטער אַקט איז קאָנסטרואירט זעהר גוט; די שפּעטערע קענען שוין ניט מאַכען אויף אונז אַזאַ שטאַרקען איינדרוק, ווייל דער ערשטער אַקט פערענדיגט זיך מיט׳ן טויט פון׳ם קינד, וואָס איז די צענטראַלע פיגור פון דער דראַמאַ.

כאראקטעריסטיש פאר'ן „קליינעם עאָלף" זיינען די פאָלגענ־דע ווערטער:

ריטאַ: מיר זיינען דאָך ערדישע מענשען.

אַלמערס: אָבער מיר זיינען אויך נאָהענט צום הימעל און ים, ריטאַ.

אין די דאָזיגע ווערטער האָבען מיר די קווינט־עסענץ פון איב־סען'ס מיינונגען וועגען דער מענשליכער נאַטור.

אין'ם „קליינעם עאָלף" בעגעגענען מיר אָפט דעם אויסדרוק: „דאָס געזעץ פון ענדערונגען". א ניי, טיפזיניג וואָרט האָט איבסען אויסגעשמידט. אַלע מענשליכע בעציהונגען ענדערען זיך. אמאָל האָט דאָס געהייסען ניט ענדערונגען, נור מעטאַמאָרפאָזען; די עלטערע מיפאָלאָגיען דערצעהלען פיעלעס וועגען מעטאַמאָרפאָזען. אין'ם „קליינעם עאָלף" האָט איבסען פּאָעטיש פערקערפּערט דעם פּראָצעס פון ענדערונגען, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר'ן לעבען. געוועהנליך זאָגט מען, אז אַלעס, וואָס לעבט, איז אונטערוואָרפען דעם געזעץ פון ענטוויקלונג. אָבער דאָס וואָרט ענדערונג איז טי־פער און ניט ריכטיגער איבער די ווירקליכקייט, ווי ענטוויקלונג. ענדערונג איז אַלץ, אי ענטוויקלונג, אי איינגעשרומפּטקייט, אי די פּאָרווערטס בעוועגונג, אי די בעוועגונג אין דער ענטגעגענגעזעצ־טער ריכטונג. אין'ם „קליינעם עאָלף" זעהען מיר, ווי מענשליכע געפיהלען ענטשטעהען, פערגעהען, קומען אויף און קומען אום אין א נייער פאָרם.

יעדעס מאָל, ווען עפּעס א געשעהעניש רייסט זיך אריין אין אונזער לעבען, ענטשטעהט א דאָפּעלטע פראגע. ערשטענס פרעגען מיר וועגען דער אורזאכע פון'ם געשעהעניש; מיר ווילען וויסען, ווער איז דער שולדיגער, טעאָלאָגיש גערעדט, אָדער ווער איז דער פעראנטוואָרטליכער, — מאָראליש־יורידיש גערעדט. דערצו ווי־לען מיר אויך וויסען וואָס פאר א בעדייטונג דאָס געשעהעניש האָט פאר אונז אדער קען האָבען.

אזא געשעהעניש אין'ם לעבען פון די העלדען פון דער דראמא אין'ם „קליינעם עאָלף" איז עאָלף'ס טויט. די אורזאכע, די שולד,

די פעראַנטוואָרטונג ווערט אין דער דראַמאַ געמאָלט אַזוי: מאַן און ווייב נעמען זיך אַרום, פערגעסען אָן עאָלף, דאָס קליינע קינד פאַלט און ווערט אַ קריפּעל אויפ'ן גאַנצען לעבען. שולדיג זיי־נען די עלטערען, זייער זינדיגער אימפּולס. איבסען שטעלט פאַר דאָס געזונדע ליעבעס־פערהעלטניס צווישען מאַן און ווייב אין אַזאַ ליכט, אַז מיר ווערען עמפּערט פון „די ערדישע מענשען" און נאַטירליכע ליידענשאַפטען, ווי טאָלסטאָי. ביי איבסען'ען איז שטענדיג אַזוי: ער פערטיידיגט דאָס נאַטירליכע און אין דערזעל־בער צייט שמייסט ער אַלעס נאַטירליכע מיט'ן בייטש פון זיין שטרענגער, מיסטישער מאָראַל. אַמאָל האָט די אויבערהערשאַפט דאָס נאַטירליכע, אַמאָל דאָס מאָראַלישע. אין „סאָלנעס" און „גע־שפּענסטער" פיהלט זיך שטאַרקער איבסען דער פערעהרער פון נאַ־טור און אַלעס נאַטירליכען; אין „בראַנד" און „ווילדער ענטע" — דער מאָראַליסט.

וויכטיג איז אויך די בעדייטונג פון אַזאַ געשעהעניש, ווי עאָלף'ס טויט. אונז קען זיך דוכטען, אַז אַזאַ קליינינגקייט קען פּיהר־רען נור דערצו, אַז פאָטער און מוטער זאָלען זיך פיהלען שולדיג, זאָלען פייניגען איינער דעם אַנדערן, אַרויפוואַרפען די שולד איינער אויפ'ן אַנדערען. אָבער געשעהענישען האָבען נור דעם זין, וועל־כען מיר לעגען אַריין אין זיי. עאָלף'ס טויט ווערט בעדייטונגס־פול אַ דאַנק ריטאַ'ס אינערער בעפרייאונג. איהר פערזענליך אומ־גליק האָט געעפענט איהרע פון ליידענשאַפט פערבלענדעטע אויי־גען. עס שטעלט זיך אַרויס, אַז דער קליינער עאָלף האָט ניט אומ־זיסט געלעבט און איז ניט אומזיסט געשטאָרבען, אויב זיין טויט האָט געבראַכט דערצו, אַז ריטאַ און אַלמערס זאָלען נעמען טראַכ־טען וועגען אומגליקליכע קינדער, פרעמדע קינדער.

שאַרפער און נאַטירליכער פון אַלע פּערזאָנען אין'ם „קליינעם עאָלף" איז געמאָלען ריטאַ. נור אַ גרויסער קענער פון'ם מענשליכען האַרץ האָט געקענט בעשאַפען דעם דאָזיגען טיפּ פון אַן אייפער־זיכטיגער פרוי. אַלמערס אינטערעסירט אונז ווייניגער; ער איז ראַפינירטער פון ריטאַ'ן, אָבער אין דערזעלבער צייט שוואַכער,

אונפרוכטבארער, סענטימענטאלער פון איהר. ער האָט ניט איהר גרויססמוט, ער איז ווי פערנומען מיט זיין טרויער, איז אונווירדיג קליינליך, ווען ער פאלט אָן אויף דער אומגליקליכער פרוי.

פון אנדערע פערזאָנען, וואָס פיגורירען אין'ם „קליינעם עאָלף" מאכט א גרויסען איינדרוק די ראטענפאנגערין, א פאנטאסטישע געשטאלט, וואָס פערקערפערט דעם טויט. די געשטאלט איז פון אן אלטער זאגע, איהר קענט זי ניט פערגעסען. די סצענע אין וועלכער זי טרעט ארויס, איז אונענדליך פאנטאסטיש און ערשיטערענד.

אין'ם יאָהר 1896 איז ערשינען א נייע דראמא איבסען'ס, „דזשאָן גאבריעל באָרקמאַן". באָרקמאַן איז דער זוהן פון א בערג־ארבייטער, וועלכען עס האָבען צעשווידערט די רייכע אוצרות, וואָס זיינען בעהאלטען אין די בערג. נאָך זייענדיג א קינד, האָט ער געהערט זינגענדיג דעם רויהען מעטאל, וועלכען מען האָט אויסגעגראָבען פון די טיפע שאכטען. געפרעהט האָט זיך דאָס רויהע מעטאל, וואָס עס קען ארויסגעהן אויף גאָט'ס וועלט, — און שוין פון די ערשטע יאָהרען פון זיין לעבען האָט באָרקמאַן אָנגעהויבען צו חלומ'ען וועגען דעם, אז מען זאָל בעפרייען אלע אוצרות, וואָס זיינען בעהאלטען אין די טיפענישען פון דער ערד, פון די בערג, וועלדער און ים. ער האָט געוואָלט דערוועקען אלע פערשלאָפענע גייסטער פון'ם עדלעם גאָלד. איהם האָט געצויגען צו בעפרייען די אלע אונענדליכע רייכטימער, וואָס זיינען צוזאַמענגעפאַרפען איבער'ן לאנד, בעהאלטען טיף אין די בערג און בעטען זיך, מען זאָל זיי עפענען די טויערען פון לעבען. ער האָט געוואוסט, אז זייער קול דערגרעהט נור צו איהם. און ער האָט ליעב געהאט די אלע רייכטימער, ליעב געהאט די מאכט און כבוד, וואס זיי גיבען.

ווייל אזוי ווי די אוצרות בעהאלטענע, איז אויך ער געוועזען פערצויבערט, פער'כשופ'ט פון דער קראפט, וואָס הענגט איבער איהם. ער האָט געוואָלט נעמען אין זיינע הענד אלע קוואלען פון מאכט אין לאנד, ווערען א מאכט אליין און א קוואל פון גליק פאר טויזענדער מענשען.

אזוי ערקלערט זיין לעבען און צילען באָרקמאַן. אין אמת'ען

אָבער איז דער עיקר ביי איהם געווען צו דערגרייכען מאַכט, זיין אַקטיוו, און פון די אינטערעסען פון די טויזענדער האָט ער זיך ניט אזוי שטאַרק געמאַכט. אָנגעהויבען האָט ער דערמיט, וואָס ער האָט געאָפּפּערט מיט'ן גליק פון דער געליבטער פון זיין יוגענד, כדי דורכצוברעכען זיך אַ וועג צו מאַכט, און האָט איהר אָבגעגע־בען אַ מענשען, אין וועלכען ער האָט זיך גענויטיגט. כדי צו דער־גרייכען זיין צוועק האָט ער געשטעלט אין קאָן אַלעס, מיט וואס ער האָט זיך געקענט בענוצען אַלס דירעקטאָר פון באַנק: די קאַפּיטאַ־לען פון באַנק, דאָס פערמעגען פון זיינע פריינד און קרובים, די אָב־געשפּאָרטע געלדער פון זייטיגע, אפילו די איהם פּערזענליך פער־טרויעטע סומען: אָבער ווען זיין פערעטערישער פריינד האָט ענט־דעקט דאָס אזאַרט־שפּיל, וועלכען ער שפּילט, האָט ער געמוזט ביטער בעצאָהלען פאַר זיין מוט און אַמביציאָנען: ער איז אָבגע־זעסען אַכט יאָהר אין געפענגניש און נאָך אַכט יאָהר אָבגעלעבט אַליין, אָן אַ זייט פון יעדער געזעלשאַפט.

באָרקמאַן איז אַ דיכטערישע נאַטור. אין די יאָהרען פון איינ־זאַמקייט איז פון דעם געבאָרענעם דיכטער געוואָרען אַ וויזיאָנער. ער האָט אויפגעהערט צו לעבען אין דער ווירקליכקייט; ער האָט זיך איבערגעטראָגען אין אַ וועלט פון חלומות און פאַנטאַזיען. ער האָט זיך איינגעגלויבט, אז דער טאָג פון זיין דערהויבונג איז נאָ־הענט, אז ביסלעכווייז וועט די וועלט איהם אָנהויבען צו פערשטעהן, אז מען קען זיך ניט בעגעהן אָהן איהם און באַלד, באַלד וועט מען אַ קלאַפּ טהון אין טיר און רופען איהם. הערט ער דעם קלאַפּ, דוכט זיך איהם, אז מען געהט, הויבט ער זיך אויף, שטעלט זיך אין אַ פייערליכער פּאָזע, אויפצונעמען די דעפּוטאַציאָן.

באָרקמאַן איז דערזעלבער סאָלנעס, וועלכען דאָס גליק האָט פעראַטען; ער איז בערניק אָהן בערניק'ס נידריגקייט און היפּאָ־קריטישקייט; ווי בערניק האָט ער געאָפּפּערט מיט'ן גליק פון איין שוועסטער, כדי מיט דער הילף פון דער אַנדערער צו בעקומען געלד און מאַכט. (אינטערעסאַנט איז, אז אָפט האָט איבסען ליעב אַרויס־צופיהרען צוויי שוועסטער) באָרקמאַן דערמאָנט ערטערווייז „די

ווילדע ענטע“. באַרקמאַן׳ס פאַנטאַזיען זיינען עהנליך צו דער פאַנ־טאַזיע פון׳ם אַלטען אויפ׳ן בוידעם; באַרקמאַן אַליין פערגלייכט זיך מיט אַ קראַנקען, אונטערגעשאָסענעם פויגעל.

אָבער איז טאַקע באַרקמאַן ווירקליך גרויס? לויט איבסען׳ס מיינונג, ווייזט אויס, האָט איהם די נאַטור בעשאָנקען מיט גרויסע טאַלענטען. דאָס זאָגט באַרקמאַן אַליין, אָבער ער איז שטאַרק איי־טעל. קיינער פון די אַנדערע מענשען, וואָס פיגורירען אין דער דראַמאַ, איז ניט געניינגט צו האַלטען באַרקמאַן׳ען פאַר אַ געניאַלען. מיר מוזען איהם גלויבען אויפ׳ן וואָרט; אודאי קען אַ טאַלענט־פולער אַרטיסט מיט זיין שפּילען איבערצייגען אונז, אַז באַרקמאַן איז גרויס. אָבער דער אוטאָר האָט דאָס ניט געטהון. איך גלויב ניט באַרקמאַן׳ען, און איז דער צושויער ניט זיכער, אַז ער האָט צו טהון מיט אַ גרויסען, ניט־פערשטאַנענעם מענשען, מוז זיין סימ־פּאַטיע צו באַרקמאַן׳ען שטאַרק אָבגעשוואַכט ווערען. אמת, ער זאָגט, אַז ער איז אַן אויסנאַמס־מענש און דעריבער מעג ער זיך ערלויבען דאָס, וואָס אַנדערע איז ניט ערלויבט: ער רעדט וועגען דער שטראָף, וואָס „ליגט ווי אַ לאַסט אויף אונז, די אויסגעוועהלטע מענשען“, וועלכע ווערען ניט פערשטאַנען פון דער מיטעלמעסיג־קייט. באַרקמאַן דערצעהלט אונז, אַז ער וואָלט אויפגעטהון עפּעס אונגעוועהנליכעס, אויב דאָס און דאָס וואָלט געשעהן. דער גע־ניאַלער מענש זאָגט קיינמאָל נישט „אויב“ און „ווען“. אַזוי רעדען נור יענע ניט איינגעגעבענע שלימעזאַלניקעס, וואָס האָבען ניט קיין טאַלענט, קיין אַמביציאָן, יענע האַלב־טאַלענטען, וואָס מעהרען זיך אַזוי שטאַרק היינטיגע צייטען, און גלויבען, אַז זיי האָבען אַ רעכט צו זיצען אויבען־אָן נור דערפאַר, וואָס זיי ווילען זיצען וואָס הע־כער.

אפשר וועלען אַנדערע ניט זיין אַזוי עמפּפינדליך צו דער הויל־קייט פון קלאַנג, וואָס הערט זיך אין אַלע טיראַדען באַרקמאַן׳ס. אַ קריטיקער האָט אַן אַנדער אויער, זיין שיקזאַל איז צו פערברענגען זיין גאַנץ לעבען צווישען פערוואונדעטע און קראַנקע אייטעלקיי־טען און הערען פון אַלע זייטען נאַרישע בערימערייען, איבערטרי־

בענע רייד פון אין זיך פערליבטע מענשען. א קריטיקער וועט קיינמאָל ניט אנערקענען די געניאַליטעט פון א מענשען, וואָס האָט אין זיך קיין געניאַליטעט ניט אויסער דער עגאָאיסטישקייט, אונ'־רחמנות'דיגקייט און גלייכגילטיגקייט צו אנדערע, וואס ווערט געווֹהנליך בעטראכט אלס סמן צו געניאַליטעט. אין אמת'ען אבער מוז ניט א געניאַלער מענש דוקא זיין עגאָאיסטיש און אונ'רחמנות'־דיג. פיעלע געניאַלע מענשען זיינען אין דערזועלבער צייט געוועזען גוטע, הארציגע מענשען.

עס איז אינטערעסאַנט צו דערגעהן, צי האָלט איבסען באָרק־מאַן'ען טאקי ווירקליך פאַר א געניאַלען מענשען. אין אייניגע ער־טער גיט דער דיכטער אונז קלאָר צו פערשטעהן, אז באָרקמאַן איז ווייט פון א געניאַלען מענשען, געניאַלע געשעפטסלייט האָבען ניט קיין געוואוינהייט צו פערטרויען זייערע געהיימניסען פריינד, אויף וועלכע מען קען זיך ניט פערלאָזען. באָרקמאַן טהוט דאָס. עס ווערט אונז טרויעריג — און דאָך אביסעל קאָמיש, — ווען מיר הערען באָרקמאַן'ען רעדענדיג, אז ער פיהלט, דאָס ער איז „א נאַ־פּאָלעאָן, וואס איז שוין פון דער שלאַכט ארויסגעגאַנגען א קרי־פּעל" און פערגלייכען דאָס מיט די רייד פון אָרעמען דיכטער און אמאָלינגען בעלעטריסט, וואס זאָגען אז זיי פיהלען דאָסזעלבע. צווי־שען זיי איז פּארהאַן איין קליינער אונטערשיעד: דער אָרימער דיכ־טער האָט צייטענווייז „א שרעקליכען צווייפעל", א מורא, אז ער האָט פערדארבען זיין לעבען א דאַנק א נאַרישער פאַנטאַזיע, אַנ־דערש איז דאָס מיט באָרקמאַן'ען. ער האָט אין די גוטע צייטען געצווייפעלט אין אייגענעם גליק, אָבער קיינמאָל ניט אין זיינע איי־גענע פעהיגקייטען, און נאָך ווייניגער אין זיינע רעכט אזוי, אז ער, וואָס האָט געטויט אין'ם אנדערען מענשען א זעעלע, האָט דאָך דעם מוט צו ערקלערען מיט זיכערקייט: „איך בין קיינמאָל צו קיינעם ניט געוועזען אומגערעכט". אָבער איז ער אויך געוועזן אמאָל אומ־גערעכט, האָט ער זיין שולד איינגאַנצען אויסגעקויפט.

עס האָט זיך געקענט דוכטען, אז אין'ם לעבען פון דעם באַנ־קראָטירטען באַנקיר קען גאָרנישט געשעהן. און דאָך דערצעהלט

אונז איבסען פון קאטאסטראפען: יאהרען לאנגע האבען זיך די צוויי שוועסטער, בארקמאן'ס ווייב גונהילדא און די געליעבטע פון זיין יוגענד עלא רענטגער, קיינמאל ניט געזעהן. יאהרען לאנגע האט בארקמאן ניט בעגעגענט זיך מיט עלא'ן. יאהרען לאנגע האט ער אויך ניט געזעהן זיין ווייב, וואס וואוינט צוזאמען מיט איהם אין דעמזעלבען הויז. זי האט איהם פיינד און פיהלט פעראכטונג צו איהם, צום מענשען, וועלכער האט געשענדעט איהר נאמען, דעם נאמען פון זיין זוהן און זיין אייגענעם. אין'ם ערשטען אקט בע־געגענען זיך די צוויי שוועסטער, אין'ם צווייטען — עלא און בארק־מאן, אין'ם דריטען רעדען צום ערשטען מאל בארקמאן און זיין ווייב. ס'ארא מייסטערהאפטע סצענען:

אין דער דראמא קומט נאך פאר א בעגעגניש צווישען עלא'ן און בארקמאן'ס זוהן, ערהארד'ן, וועלכען זי האט אין דער קריטי־שער פאר דער פאמיליע צייט גענומען צו זיך און ערצויגען, ווי אן אייגען קינד, ביז די מוטער איז ניט געקומען פאדערן איהר זוהן: דאמאלס איז ערהארד אלט געוועזען פערצעהן יאהר; איצט איז ער שוין א יונגערמאן פון 23 יאהר און איז די צענטראל פיגור אין דער פיעסע. צוליעב'ן קינד פיהרען א קאמפףביידע שוועסטער, ביידע זיינען אייפערזיכטיג אויפ'ן קינד, יעדע איינע טענה'ט, אז דער זוהן איז איהר זוהן. די שטרענגע מוטער האט איהם ליעב אהן א סוף און האט בעשלאסען, אז ער מוז ווערען א גרויסער מענש און שפילען אין לאנד אזא ראל אז יעדער איינער זאל פערגעסען אן דער שאנדע, וואס דער פאטער האט אנגעטהון דער פאמיליע; די שטאלצע, גרויסמוטיגע שטיף־מוטער קומט צום אדאפטירטען זוהן אויפ'ן שוועל פון טויט, כדי צו דערלעבען מיט איהרע אייגענע אוי־גען צו זעהן נחת אין איהם; זיין גליק איז העכער פון אלץ אין איה־רע אויגען. ביטער קעמפפען ביידע שוועסטער פאר'ן זוהן: יעדע מאנט זיין ליעבע, יעדע וויל איהם האבען אויף איהר זייט. צום זוהן האט טענות אויך דער פאטער: ער אליין איז שוואך, ער האט פערלארען א לעבען, איצט וויל ער ווידער ארויפשווימען אויף דער

איבערפלאַך פון'ם לעבענס־ים און בעט זיין זוהן איהם זיין בעהיל־פיג.

מיט די בעציהונגען צווישען עלטערען און קינדער בעזונדערס צווישען פאַטער און זוהן, האָט זיך איבסען פעראינטערעסירט שוין מיט יאָהרען צוריק. אין „די זיילען פון דער געזעלשאפט" איבער־צייגט זיך בערניק ערשט דאמאלס, ווען ער האָט פערלאָרען זיין זוהן, אז איינענטליך קיינמאָל איז ער ניט געווען זיינער. אין'ם „קליינעם עאָלף" הערען מיר עהנליכע, גאנץ אונפערשטענדליכע ווערטער, אז זייער עאָלף איז קיינמאָל ניט געווען זייער איינע־נער. די עלטערען איז ער געווען פרעמד.

דאָסזעלבע ווידערהאָלט זיך אויך אין „באָרקמאן'ען": דער זוהן געהערט קיינעם נישט, ניט דער מוטער, ניט דער שטיף־מו־טער, ניט דעם פאָטער. אין די פריהערע פיעסען זיינען שולדיג אין דער דאָזיגער פערפרעמדקייט נור די עלטערען; אין דער לעצ־טער דראמא ווערען די דאָזיגע בעציהונגען אויסגעפאָרשט מיט א גרעסערער טיפקייט און פון אן אנדער שטאנדפונקט. ווי אל־מער'ס אין'ם „קליינעם עאָלף", האָט ערהארד'ס מוטער אין זין גע־האט ניט איהר זוהן, נור איהרע אייגענע צילען; דער זוהן איז גע־ווען א געצייג אין איהרע הענד; מיט זיין פערזענליכקייט האָט זי זיך גאָרנישט גערעכענט. און דאָך זיינען דער עלטערען ערהארד'ס, בעזונדערס זיין שטיף־מוטער, טיפערע, העכערע נאטורען, ווי זיין זוהן. ערהארד איז א נישטיגער מענש, ער וויל נור לעבען, א גוטען טאָג לעבען און ער הערט זיך גאָרניט צו צו די טענות פון די על־טערען. ער וויל ניט ווערען געניאל לויט זיין מוטער'ס וואונש, אָבער ער וויל אויך ניט ארבייטען, ווי דער פאָטער האָט בעשטימט; ער וויל אפילו ניט שענקען דער טויט־קראנקער מוטער א פאָר מאָ־נאטען, כדי צו פערברענגען מיט איהר די לעצטע טעג פון איהר לע־בען. ער האָט שוין ענטשלאָסען זיך: ער וויל אנטלויפען ערגעץ ווייט־ווייט מיט דער שעהנענקער פרוי ווילטאָן, וואָס סימוואָליזירט מיט זיך א נידריגע, רויהע לעבענספריידיגקייט.

ווי מייסטערהאפט איז געמאָלט די פרוי מיט א פאָר בלייפע־

דער־שטריכען. ווי כאראקטעריסטיש איז דאָס, וואָס זי האָט ניט איין מאָל געמוזט ענטפערען אי יאָ אי ניין. ווי פיין האָט איבסען בעמערקט אזא שטריך: זי איז שוין א דאמע אין די באלזאק־יאָהרען, דאָס הייסט, זי איז שוין עלטער פון דרייסיג יאָהר; אָבער רעדענדיג מיט ערהארד׳ס מוטער, רעדט זי זיך ארויס, אז „זי האָט איהם ניט איין מאָל דערמאָנט, אז זי איז עלטער אויף זיבען יאָהר פון איהם,“ פון דעם דריי־און־צוואנציגען ערהארד׳ן. זי האָט פערלייקענט א פאָר יאָהר. איהר פראקטישע חכמה דריקט זיך אויס אין די ווערטער, אין וועלכע זי דערצעהלט דער מוטער, אז זי נעמט די יונגענקע פריילין פאָלדאל מיט זיך אויף יעדען פאל: „ווען ערהארד וועט פארטיג ווערען מיט מיר — און איך מיט איהם, — וועט פאר אונז ביידע זיין גוט, אויב איהם, דעם אָרימען יונג, וועט בלייבען עפעס, עמיצער... איך וועל זיך שוין ווי עס איז איינאָרדנען, זייט רוהיג.“ עס איז שווערער צו כאראקטעריזירען א פערזענליכקייט אין א לאנגען ראָמאן פולער, ווי זי ווערט דאָ כאראקטעריזירט אין עטליכע קורצע רעפליקען.

מאָנומענטאל־זיכער זיינען געמאָלען אויך אלע אנדערע פערזאָנען, וואָס פיגורירען אין דער פיעסע. געבויט איז די דראמא אונגעוועהנליך גוט. זי דערהויבט זיך מיט איהרע פיער שטאָק, ווי אן אייזערנער געבוי אויף א גראניט פונדאמענט, א פעסטע און שטארקע, א קלאָרע און דורכזיכטיגע. פון אָנהויב ביז׳ן סוף איז די דראמא אָנגעהויכט פון איין שטימונג: די דאָזיגע שטימונג הערשט אין דעם אונטערשטען שטאָק, זון אויך אין׳ם שאָטען־לאנד פון׳ם העכסטען שטאָק; ענדליך דערפיהלט זיך דער פרייהייטס־ווינד, וואָס הויבט אָן בלאָזען אין׳ם איינזאמען צימער פון׳ם אנאָראָרעט, וואָס האָט זיך אָבגעריסען פון דער וועלט פון יאָהרען. דער דראמאטישער שטורם טראָגט זיך איבער דער גאנצער פיעסע. דער פולס פון דער פיעסע קלאפט וואונדערבאר שטארק, ווי אין טאקט צום קלאפען פון פולס פון דער אינגאנצען נאָך ניט רייף געוואָרענעם דיכטער. איננליש־שנעל לויפט די פיעסע אלץ ווייטער און ווייטער, אָבער לויט דעם גייסט, וועלכען זי אָטעמט, איז דאָס ניט א ווערק

פון א יונגען מענשען. דאָס איז דער גייסט פון ווייזהייט, פון שטרענגער ווייזהייט, דער גייסט פון קלאָרער זאַנפטקייט, מיט גרויסער רחמנות קוקט דער דיכטער אויף מענשליכע פעהלערען; ער ווערט אויפגעבראכט פון דער פערשטיינערטקייט פון׳ם מענשליכען הארץ און פערצייהט דאָך די אָרימע מענשען.

„סאָלנעס“, „עאָלף“, „באָרקמאַן“ — דאָס זיינען די דראַמען, וועלכע איבסען האָט אָנגעשריבען, האָבענדיג זיך צוריקגעקעהרט שוין פון אויסלאַנד אהיים. פון׳ם יאָהר 1891 אָן זיצט איבסען אין נאָרוועגיען. אין דער יוגענד האָבען די נאָרוועגיער איהם ניט אָבגעשאצט; איצט אין דער עלטער פערהערליכען זיי איהם און פערגעטערען איהם, אלס דיכטער, וואס האָט געמאכט אונשטערבליך זיין לאנד.

די סקאנדינאווישע ליטעראטור איז איצט שוין גאָר ניט יענע ליטעראטור, וואס זי איז געווען דאמאלס, ווען איבסען האָט געשריבען זיין „בראנד“ אָדער האָט מיט זיינע דראמען דורכגעשניטען נייע וועגען אין׳ם לעבען פון זיינע צייטגענאָססען. אין נאָרוועגיען, ווי אויך אין דענעמארק און איסלאַנדיען, אין שוועדען און פינלאַנד האָט געבליהט א נייע, יונגערע ליטעראטור, וואס צייכענט זיך אויס מיט פרישע, בעדייטענדע טאלענטען. די סקאנדינאווישע לענדער קאָנקורירען איינע מיט דער אנדערער; יעדע וויל איבעריאָגען די אנדערע. עס קען אָבער קיין שום צווייפעל ניט זיין, אז די סקאנדינאווישע ליטעראטור האָט ניט קיין גרעסער ווערק, ווי איבסען׳ס דראַמען. אויף איבסען׳ען קען מען מעסטען די הויך, צו וועלכער די סקאנדינאווישע ליטעראטור איז דערגאנגען.

## נאכוואָרט

# א פּערזענליכער שטאַנדפּונקט

.1898

איך וועל איצט ניט רעדען וועגען איבסען׳ס ווערק; איך האָב שוין ניט איין מאָל וועגען דעם גערעדט. איך וויל פּרוּאווען זיך ענטפערען אליין אויף דער פראַגע, פאר וואָס פערנעמט ער, אלס דענקער, אזא גרויסען אָרט אין מיין לעבען. וואָס האָט ער מיר געגעבען? אין וואָס בעשטעהט דאָס ספּעציפישע, וואָס פערבינדט מיך מיט איהם?

עס זיינען פאַרהאַן דריי פערשידענע גרופּען דענקער, מיט וועלכע יעדער שרייבער טרעט אריין אין געוויסע בעציהונגען: ערשטענס, זיינען דאָס יענע מענשען, וואָס זיינען שוין געוועזען אנערקענט, ווען דו האָסט אָנגעהויבען דיין ארבייט; זיי זיינען די קלאַסיקער, די מייסטער, יענע וואָס ווירקען אויף אייך און זיינען אייערע וועגווייזער. דערנאָך האָט יעדער בעציהונגען צו זיינע צייטגענאָסען, מיט וועלכע ער האָט זיך ענטוויקעלט אין איין ריכטונג, שטעהענדיג אויף דערזעלבער הויך, וואָס זיי; אויף צייטגענאָסען האָסט דו א ווירקונג און זיי ווירקען אויף דיר. ענדליך זיינען די אינגערע שרייבער געוועהנליך אונטער דיין ווירקונג און דיר גיבען זיי גאָרנישט.

צווישען די מענשען, וועלכע איך האָב פּערזענליך געקענט, געהערען אַנדערסאָן און פּאַלודאַן־מולער צו דער ערשטער גרופּע, די יונגערע סקאַנדינאַווישע שרייבער — צו דער לעצטער. פאַרוואָס איז דאָס, אז איך הויב אָן צו טראַכטען וועגען די צייט גענאָסען, וואָס האָבען געווירקט אויף מיר, טראַכט איך פריהער פון אלץ וועגען איבסען׳ען? איבסען איז ניט דער איינציגער פון די מאָדערנע שרייבער, וואָס האָבען געהאַט א ווירקונג אויף מיר. איך האָב זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט אזעלכע פראַנצויזישע שרייבער, ווי די דראַמאַטורגען דומאַ און אָזיליע, די דענקער טען און רענאַן, בעלעטריסטען ווי זאָלאַ און דאָדע. א שטאַרקען איינ־

דרוק האָבען אויף מיר געמאכט אזעלכע מענשען, ווי סטיוארט מיל, דארווין און סווינבורן אין ענגלאנד, פאול הייזע און פריד־ריך ניטשע אין דייטשלאנד, ה. ברעכנער און יוליוס לאנגע אין דענעמארק.

איינינגע יאָהר בין איך יוליוס לאנגע'ן געווען פערפליכטעט מעהר, ווי וועמען עס איז אין דער וועלט, אָבער דאָך איז ער ניט געווען א געשעהעניש אין מיין גייסטיג לעבען, אזא יאָהר, ווי טען, איז עטליכע יאָהר געווען מיין לעהרער און וועגווייזער. פון הייזע'ן האָב איך א צייט פיעלעס געלערנט. ניטשע האָט ווי א מעטעאָר א בליץ געטהון פאר מיין אויג, פערשיינט אלעס ארום זיך און איז פערשוואונדען, סווינבורן איז שנעל פערגאנגען פון מיין האָריזאָנט, קיינער פון זיי האָט אָבער ניט געהאט אזא ווירקונג אויף מיין אינערען לעבען, ווי איבסען.

איך האָב געזעהן, ווי אזוי ער איז געוואקסען אויף מיינע אייגענע אויגען — דאָס האָט א גרויסע בעדייטונג. לאנגע דער־צעהלט, אז זייענדיג אָפט אין רוים, האָט ער געהאט א געלעגענהייט צו זעהן, ווי קארל בלאָך האָט געארבייט אויף א בעשטימטען ווערק און דאָס דאָזיגע בילד האָט טאקי דעריבער געמאכט אויף איהם א שטארקערע ווירקונג, ווי די גרויסע קלאסישע ווערק פון אמאָליגע צייטען. אָבער דאָס איז ניט אלץ; וועניג מענשען זיינען געוואק־סען פאר מיר אין די אויגען. מעגליך, אז איבסען איז מיר נאָהענ־טער דערפאר, וואָס ער האָט געשריבען אויף א סקאנדינאווישער שפראך. דאָס ערקלערט דאָך ניט אלץ. האָב איך דאָך אויך אי־בערגעלעבט מיט מיינע אייגענע אויגען די גאנצע גייסטיגע ענט־וויקלונג פון ביערנסאָן'ען. ער האָט מיך שטארק אינטערעסירט, און דאָך פיהל איך זיך ניט אזוי שטארק פערפליכטעט צו איהם, ווי צו איבסען'ען. עס איז מעגליך, אז דאָס איז דערפאר, וואָס איך פערשטעה איבסען'ען בעסער, און איבסען פערשטעהט מיך בעסער. אָבער ווי קומט עס, וואָס מיר פערשטעהען זיך אזוי גוט? זאָל צווישען אונז ביידע זיין א געוויסע גייסטיגע פערוואנדשאפט, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס איבסען איז עלטער פון מיר און אונענדליך טאלאנטפולער?

אויף דער דאָזיגער פראַגע קען איך ניט ענטפערען. מיר צו־גנעהען זיך ביידע שטאַרק. אונזערע נאַטורען זיינען ענטגעגענגע־זעצטע. אין אָנהויב פון זיין טעטיגקייט איז ער אלס מענש גע־ווען מיר שרעקליך פרעמד. מיך האָט עמפּערט אין איהם זיין טיפע פעראַכטונג צו מענשען. מיט עטליכע יאהר שפּעטער האָט ער דערוועקט אין מיר ליעבע מיט זיינע ליידענשאַפטליכע קאַמפּפס־שטימונגען. אבער אויך דאמאלס איז עפּעס געשטאַנען צווישען אונז און האָט אונז צושיידט: דאָס זיינען געווען אונזערע טעאָ־ריען, אונזערע לעבענסאַנשויאונגען. יאָהרענוויז זיינען מיר גע־ווען גייסטיג פערבונדען, מיר האָבען זיך געטיילט מיט אונזערע מיי־נונגען וועגען פערשידענע זאכען. מיר האָט זיך געדוכט, אז איך פערשטעה איהם אַלץ מעהר און מעהר. איינמאָל האָט ער מיך געמאכט אויפמערקזאם דערויף, אז צווישען די פּאָרטרעטען פון פערשידענע טהוער פון איין פערגאַנגענער עפּאָכע איז פאַרהאַן א געוויסע עהנליכקייט, ווען מיר, מאָדערנע, קוקען אויף זיי. אין'ם יאהר 1884 האָט ער מיר געשריבען פאָלגענדע סימפּטאָמאַטישע ווערטער: „ווי איהר, פיהל איך אויך, אז מיר שטעהען נאָהענ־טער איינער צום אנדערען, ווי אין די ערשטע יאהרען פון אונזער בעקאַנטשאַפט, אָבער איך רעכען, אז דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס, ענטוויקלענדיג זיך לאַנגזאַם, זיינען מיר ביידע, יעדער פון זיין זייט, צוגעגאַנגען א פּאָר שריט איינער צום אנדערען".

איבסען איז געווען מיין נאָהענטער פריינד יאָהרען לאַנג אין משך פון א גאַנצער גענעראַציאָן. דאָס ערשטע מאָל האָט ער מיר געשריבען אין אַפּריל 1866. א שטענדיגע פריינדשאַפט פון א גרויסען מענשען איז א גרויס גליק. און דאָך האָב איך זיך זעל־טען בעגעגענט מיט איהם. געזעהן האָב איך איהם א פּאָר מאָל, א פּאָר נעצעהלטע מאָל, נעמליך אין דרעזדען אין 1871-72, אין מיונכען — 1877, אין קאָפּענהאַגען — 1885 און 1887, אין כריס־טיאַניא — אין 1893, 1892, 1890. יעדעס מאָל האָבען אונזערע בעגעגנישען געדויערט עטליכע וואָכען אָדער עטליכע טעג. זיינע בריף זיינען אויך זעלטען געווען לאַנג, ער פלעגט ניט שרייבען אָפּט. אין די אינגערע יאָהרען האָט ער נאָך ליעב געהאַט שרייבען

לאַנג, אָבער אין די לעצטע יאָהרען שרייבט ער זעהר זעלטען און זעהר קורץ.

כדי צו ערקלערען, וואָס איך וויל זאָגען, מוז איך אָנהויבען פון אָנהויב. דעם ערשטען שטאַרקען איינדרוק האָט אויף מיך איבּסען געמאַכט מיט זיין דראַמאַ „פּרעטענדענטען אויפ'ן טראָן". איך האָב זיך פערשאַפט די ערשטע אויסגאַבע, פון יאָהאַן דאַל, וואָס איז געווען געדרוקט אין כריסטיאַניאַ מיט גאָטישען שריפט כמעט אויף אַ ריינעם דענישען לשון. „די קאָמעדיע פון ליעבע" האָט אין יענע טעג אויף מיר ניט געמאַכט קיין שום איינדרוק. „דאָס פעסט אין סאָלהאוג" און „די העלדען אין העלגאָלאַנד" האָבען מיך פערינטערעסירט נור אויף אַ מאָמענט; פרוי אינגער, וואָס האָט אָנגעוועהט אויף מיך עפּעס פרישעס, האָט מיך ניט אָנגעריהרט פערזענליך; אָבער „די פּרעטענדענטען אויפ'ן טראָן" האָבען מיך טיף געריהרט; איך בין בעצויבערט געוואָרען פון דער קונסטוועדק און פון דער מייסטערהאַפטער כאַראַקטעריסטיק פון האָקאָן און סקולע. די דאָזיגע מענשען זיינען אייגענטליך געווען מיר פערזענליך פרעמד, אָבער סקולע האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ שטאַרקען קינסטלערישען איינדרוק, אז פון יענער צייט אָן בין איך געוואָרען אַ הייסער אָנהענגער איבּסען'ס. לאַנג-לאַנג איז סקולע געווען דער קלימאַקס פון איבּסען'ס דיכטערישער ארבייט. איך בין געבליבען דערביי אפילו האָבענדיג איבערגעלעזען „בראַנד". אונז, די אמאָליגע יוגענד, וואָס האָט זיך ערצויגען אויף סערען קירקעגאָרד, האָט „בראַנד" ניט געקענט אַזוי ערשיטערען, ווי דאָס געוועהנליכע פּובּליקום, וואָס איז ניט געווען אונטער דעם איינפלוס פון דער פילאָסאָפישער ליטעראַטור, וועלכע איז געווען שווערער צו פערשטעהן. דאָך האָט זיך אין „בראַנד" געפיהלט אַ מעכטיגער גייסט און איניגע סצענען האָבען בעצויבערט מיט זייער פּאָעטישען כאַראַקטער. אין „פּיער גינט" איז פאַרהאַן מעהר פּאָעטישע שעהנהייטען, ווי אין „בראַנד"; אונפערגעסליך איז, ווי פּיער פערטרייבט פון דער שטאַרבענדער מוטער די געדאַנקען פון נאָהענטען טויט מיט זיין פאַנטאַסטישער מעשה. די קאָמעדיע „דער בונד פון יונגער" האָב איך אין זיין צייט אפשר ניט גענוג הויך אָבגעשאַצט,

אָבער איך בין דאמאָלס געווען װעניג בעקאנט מיט נאָרוועגיען, בין קיינמאָל ניט געװען דאָרט און האָב ניט געהאַט קיין מעגליכ־קייט צו אורטיילען ריכטיג, צי האָט דער דיכטער ריכטיג פערשטאַ־נען די ווירקליכקייט. שטארק ענטציקט בין איך געווען פון די בעסטע פון איבסען׳ס לידער; איך האָב געלעזען זיי און ווידער אַמאָל געלעזען. א גרויסען איינדרוק האָבען אויף מיך געמאַכט די פּאָעמען „נידער“, „צומישענישׂ“, „א בריעף צו פרוי הייבערג“. „נידער“ איז די ריהרענדסטע, „צומישענעס“ — די קלוגסטע און שארפזיניגסטע; „א בריף“ — די פּאַלקאָמענסטע פון אַלע איב־סען׳ס פּאָעמען.

מעגליך, אז די לידער האָב איך פערשטאַנען בעסער דערפאר, וואס מיט א צייט פריהער האָט איבסען זיך אנטפּלעקט מיר אין זיינע בריף, און מיר פּערזענליך האָט זיך איינגעגעבען צו בעקע־נען מיט איהם. מיינע הארציגסטע ערינערונגען פון איבסען׳ען שטאַמען פון׳ם יאָהר 1871. אין׳ם ווינטער 71־1870 איז מיר אויס־געקומען צו זיין אין רוים פיער חדשים; איך בין דאמאָלס געווען ניט געזונד. איבסען, וואס האָט דאמאלס געוואוינט אין דרעז־דען, האָט מיר געשריבען עטליכע מאָל. אין זיינע בריף האָט ער ניט נור אינטערעסירט זיך הארציג מיט מיין געזונד, נור אויך בע־גייסטערט מיך און צוגעגעבען מוט; זיינע אָריגינעלע אידעען האָ־בען ערשיטערט מיין געדאנק; איך בין קיינמאָל נאָך ניט געווען אזוי שטארק אונטער איבסען׳ס איינפלוס, ווי איצט. זיינע ווערק זיינען געווען געווענדט צו דער גאַנצער וועלט, ווי אַלע; איצט רעדט ער צו מיר, נור צו מיר. דאָס, וואס איבסען האָט מיר גע־שריבען, איז געווען אַן עפּאָכע אין מיין לעבען. איך בין געווען אי איינפערשטאַנען מיט איהם, אי אין כעס אויף איהם.

ווען איך האָב מיט עטליכע יאָהרען שפּעטער פערעפענטליכט איניגע פראַזען פון איבסען׳ס בריף צו מיר, האָבען זיי פעראינ־טערעסירט דאָס פּובליקום ניט וועניגער פון זיינע קינסטלערישע ווערק. אנדערע האָבען שטאַרק געליובט, אנדערע — געזידעלט איבסען׳ען פאר די דאָזיגע צופעליגע בעמערקונגען. זיי האָט מען ציטירט, גלייך ווי דאָס וואָלטען געווען ניט צופעליגע אויסדרו־

קען, נור א גאַנץ פּראָגראַם. עס איז דערגאַנגגען דערצו, אַז איי־נע פון זיינע פּראָזען איז געוואָרען דאָס מאָטאָ פון אַן אַנאַרכיס־טישער פּראָנצויזישער צייטשריפט און אַן אַנאַרכיסטישער טעראָ־ריסט האָט אין געריכט אין זיין פערטיידיגונגס־רעדע ציטירט צו־זאַמען מיט דאַרווין'ען, הערבערט ספּענסער'ן, קראָפּאָטקין'ען, אָק־טאַוו מירבאָ'ן אויך הענריק איבסען'ען, אַלס איינער פון די אַפּאָס־טאָלען פון דער אַנאַרכיסטישער אידעע.

איבסען פּערענדיגט איינעם פון זיינע בריף צו מיר מיט אַזעלכע ווערטער: „דאָס וויכטיגסטע איז דער אויפשטאַנד פון'ם מענשליכען גייסט און איינער פון יענע, וואָס זוכען, זייט איהר". דער ערשטער טייל פון דער פּראָזע איז שוין הונדערטער מאָל אי־בערגעדרוקט געוואָרען; דער צווייטער טייל האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ איינדרוק, אַז איך האָב געענטפערט איבסען'ען אין פּערזען, אויסדריקענדיג מיין ליידענשאַפטליכען פּערלאַנג צו האָבען אַ חבר אין קאַמפּף און דעם נאַאיוועם גלויבען, אַז אַזאַ חבר וועט זיין איב־סען. זייט יענער צייט זיינען פּערגאַנגגען זיבען־און־צוואַנציג יאָה־רען; אָבער שוין אין די ערשטע צוויי יאָהר האָב איך זיך אי־בערצייגט, אַז איבסען דאַרף געהן אליין אויפ'ן אָנגעצייכענטען וועג און אַז אויך איך מוז פיהרען אליין מיין קאַמפּף. איך האָב קיין שום פּערלאַנג ניט צו אויסגעבען זיך פּאַר איבסען'ס אַ ברו־דער אין גייסט; איך גלויב גלאַט ניט אין דער ברודערשאַפט פון גייסט. אָבער אין יענער צייט האָב איך געפיהלט אַנדערש און דאָס האָט מיר צוגעגעבען מוט.

„קייזער און גאַליליער" איז די איינציגע דראַמא, פון וועלכער איבסען האָט מיר געלעזען עפּעס נאָך איידער עס איז ערשינען. איך האָב געהערט לעזענדיג איהם עטליכע סצענען. ווי גרויס דאָס ווערק איז ניט, איז דאָס ניט פון יענע ווערק, וואָס האָבען מיך פּער־זענליך געריהרט. שטאַרק געריהרט בין איך געוואָרען פון „נאָראַ". אין „נאָראַ" פיהלט זיך לעבען, ווירקליכקייט. מיר האָט זיך גע־דוכט לעזענדיג, אַז איך בין בעקאַנט געווען מיט נאָראַ'ן, האָב זי געזעהן אין לעבען אַזאַ, ווי זי איז אין דער פּיעסע. דער איינ־דרוק איז געווען אַ קאָלאָסאַל־שטאַרקער. מיר האָט זיך געדוכט,

אז איך האָב אַליין איבערגעלעבט דאָס אַלעס, וואָס די העלדין לעבט איבער; איך בין געווען צו שטאַרק ענטציקט, פונ'ם גאַנצען ווערק, איך זאָל בעמערקען, אַז עס איז פאַלש פון'ם קינסטלערישען שטאַנדפּונקט, וואָס נאָרא האָט זיך אַזוי שנעל פערוואַנדעלט אין א אַנדערען מענשען. „די געשפּענסטער" צינדען אונזער הארץ אָן מיט'ן אוטאָר'ס מוט; דאָס איז א גרויס ווערק. ווען די סקאַנדי־נאַווער פּרעסע האָט גענומען בעקעמפּפען דאָס דאָזיגע גרויסע ווערק אויף א רויהען און נארישען אופן, האָט מיך אָבגעעקעלט פון אזא נידריגקייט. איבסען שרייבט מייסטערהאַפטע ווערק איינס נאָכ'ן אַנדערען. טיעף און אָריגינעל איז „די ווילדע ענטע", שטאַרק פּאָ־לעמיש און דאָך ערהאַבען איז „ראָסמערסהאָלם", בורזשואַז־גע־וועהנליך און דאָך מיסטיש־סימוואָליש איז „די פרוי פון ים", קלוג און ריין־פּסיכאָלאָגיש איז „הערדא גאַבלער", אָבער העכער פון אַלע אין פּאָעטישען זין איז „בוימייסטער סאָלנעס". וועהרענד „עאָלף" און „באָרקמאַן" זיינען אָנגעזעטיגט מיט מרה שחורה און טרויער, טראָגט הילדא אריין אין „סאָלנעס" ליכט, פרייד, ענטוזיאזם פון יוגענד. איהר געשטאַלט איז אַזוי טיף־נאָרוועגיש, אַזוי טיף־נאציאָנאַל, אז קיין נאָרוועגישערע געשטאַלט קען איך מיר ניט פאָר־שטעלען אין דער ליטעראַטור. און אין דערזעלבער צייט איז הילדאַ טיף־מענשליך, אַלגעמיין־פערשטענדליך. „סאָלנעס" האָט מיך בעצויבערט פון דער קינסטלערישער זייט; די דראַמאַ איז מער־בענהאַפט און אין דערזעלבער צייט איז זי ווי א ודוי צווישען פיער אויגען; לעזענדיג „סאָלנעס'ן" דוכט זיך איך, אז עמיצער רעדט אייך ווערטער אין אויער אריין. אין „סאָלנעס" איז דער דיכטער אראָבגעשפּרונגען פון'ם פּיעדעסטאַל און געוואָרען נאָהענטער צו געוועהנליכע שטערבליכע, ווי ווען עס איז אין זיין לעבען.

יא, דער ענטוויקלונגסגאַנג פון איבסען'ען טראָגט זיך דורך פאר מיין אויג ווי אַן אויסגעצויגענע פלאַמען־ליניע. אמאָל האָט זיך מיר געדוכט, אז איבסען דער דיכטער האָט געהאַט אויף מיר אזא שטאַרקע ווירקונג דערפאַר, וואָס איך האָב פון בריף און בע־געגענישען געקענט אויך איבסען'ען דעם מענש, אָבער איצט פיהל איך, אז איבסען'ס ווערטער האָבען אימער פאר מיר א גרויסע בע־

דייטונג געהאט נור דערפאר, וואס זיינע ווערק זיינען אזוי טיף און אייגענארטיג.

סוף כל סוף בין איך דאנקבאר איבסען'ען דערפאר, וואס ער האט מיר געגעבען א ביישפיעל פון זעלבסטפערטיפונג, קאנצענטראציאן פון קרעפטען. וואס מעהר דו ווערסט דורכגעדרונגען אין משך פון לעבען פון דער איראניע פון לעבען, וואס גרינדליכער דו היילסט זיך אויס פון א צו הויכער אבשאצונג פון דיינע פעהיגקייטען, וואס מעהר דו פערשטעהסט, ווי אונניצליך און זונפרוכטבאר אלע דיינע שטרעבונגען זיינען, אלץ שטארקער ווערט דער נסיון צו קוקען אויפ'ן אייגענעם לעבען און טעטיגקייט גלייכגילטיג און אפאטיש. דעריבער איז גאנץ נאטירליך, אז דו ווערסט ערשטוינט, בעגעגענדיג א מענשען, וואס צווייפעלט אין אלעמען, און אין דערזעלבער צייט גלויבט ער אזוי טיף און נאאיוו אין זיין ארבייט, בעציהט זיך צו איהר אהן יעדער איראניע און לעבט נור צוליעב זיין ארבייט. אין'ם יאהר 1872 האט איבסען געווענדט זיך צו מיר מיט פאלגענדער ווערטער: „טראכט גוט וועגען מיר און מיין זאך, ניט פערלאזענדיג דאס איינציג וויכטיגע פאר אייך, ווייל דאס איז א י י ע ר ארבייט". איך מוז זיך מודה זיין, אז שוין דאמאלס איז מיר שווער געווען פארצושטעלען זיך, אז מיין ארבייט איז דאס איינציגע וויכטיגע אין דער וועלט. אויך איצט קען איך פועל'ן ביי זיך צו קוקען אזוי אויף מיין ארבייט. איך בערימם זיך ניט. איך דערצעהל נור פאקטען. א מענש, וואס בעציהט זיך צום לעבען אידעאל, ווי איך, האט מעהר שאנסען צו ענטוויקלען אלע זיינע קרעפטען און ערפילען די ארבייט, וואס ער דארף ערפילען. איבסען'ס קראפט בעשטעהט דערין, וואס פערטיפענדיג זיך אין זיך, האט ער זיך אויסגעלערענט צו קוקען אויף זיין לעבען, ארבייט, ווי אויף דער וויכטיגסטער אין דער וועלט און מיט זיין ביישפיעל האט ער יעדען איינעם, וואס וויל בעשאפען עפעס גרויסעס, געוויזען דעם וועג, וואס פיהרט צו בעסערער קינסטלערישער פערפאלקאמענונג.



